# לענין און די קינדער

## קינסטלערישע זאמלונג פאר קינדער

צונויפגעשטעלט כ. נאָדעל




מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָנאלע מינדערהײטן אין אוסר״ר
כארקאָוו 1934 קיִעוו

פאראנטוו. רעדאקטער — אי. סודאר־
סקי. טעכנ. רעדאקטער — כ. ליומ־
קיס. הילעס אונ פארזאצ — ב. קריו־
קאוו. קארעקטער — מ. דוביגסקי.
פאפיר 110 × 82 — 1/32 — 60 קג.
7 דרוקבויגנ. אינ 1 פאפיר־בויגנ 100 000
צייכנס. פארלאג־נומער E־241. טיראזש
2000 עקז. 2־טע אינטערנאציאנאלע דרוק־
קעריי, אופ״ט, קיעוו, רויטער פלאצ 2a.
באשט. 1333. אפגעגעבנ אינ זאצ
12/X—1933, אונטערגעשריבנ צום דרוק—
18/I—1934. הויפטליט (1281) 7170.

# לענינ

וווּ אונ אינ וועלכע עקנ פונ דער וועלט האָבנ די ארבעטער אונ אונטערדריקטע מאסנ ניט געהערט אָט דעמ ליבנ נאָמענ!

לענינ! דאָס האָט ער דאָכ, דער געניאַלער פירער פונ דער באָלשעוויסטישער פארטיי יאָרנלאנג געשמידט די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע אונ אָנגעפירט מיט דער גרויסער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וואָס האָט אפ איינ זעקסטל וועלט איינמאָל פאר אלעמאָל א סאָפ געמאכט צו דער הערשאפט פונ פריצימ אונ קאפיטאליסטנ אונ אייַנגעשטעלט די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט.

לענינ! דאָס איז ער דאָכ דער גרויסער לערער פונ מיליאָנענ ארבעטער אונ ארבעטנדיקע. דאָס ווייַזט ער דאָכ זיי דעמ וועג פונ באפרייַונג, דעמ וועג צו א נייַ, גליקלעכ לעבנ.

לענינ!

10 יאָר איז דורכ פונ יענעמ טרויעריקנ 21 יאנואר, ווענ לענינס גרויס הארצ איז אפ אייביק פארשטילט געוואָרנ. לענינ איז געשטאָרבנ.

אָבער עס לעבט זייַנ אָנדענק אינ די הערצער פונ אונדזער גרויסנ אונ מעכטיקנ פארבאנד. אימ ליבט מענ, וועגנ אימ רעדט מענ, זייַנ נאָמענ האלטנ טייַער די ארבעטנדיקע פונ אלע עקנ וועלט.

לענינ איז געשטאָרבנ, נאָר געבליבנ איז זייַנ גרויסע קאָמוניסטישע לערע, וואָס ווייַזט אונדז דעמ וועג צומ אויסבויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט בא אונדז אינ לאנד, דעמ וועג צו דער אלוועלטלעכער פראָלעטארישער רעוואָליוציע.

לענינ איז געשטאָרבנ, נאָר געבליבנ איז זייַנ גרויסע לערע, וואָס באווייַזט די ארבעטער פונ אייראָפּע, אמעריקע, אזיע, אפריקע, אווסטראליע אונ די אונטערדריקטע, פארשקלאפטע פעלקער א וועג צו זייער באפרייַונג.

לענינ איז געשטאָרבנ, נאָר געבליבנ איז דער שטאב פונ דער אלוועלטלעכער רעוואָליוציע — דער קאָמינטערנ, געבליבנ איז די גרויסע אלפארבאנדישע קאָמוניסטישע פארטיי, וואָס ער האָט זי אזוי זאָרגזאמ געכאָוועט, געבליבנ איז דער לענינישער פילמיליאָניקער קאָמיוג, געבליבנ זייַנענ מיליאָנענ יונגע לענינצעס—פּיאָנערנ פונ אונדזער לאנד.

לענינ איז געשטאָרבנ, נאָר עס לעבט, וואקסט אונ אנטוויקלט זיכ פססר — די היימ פאר די ארבעטנדיקע פונ אלע פעלקער פונ פארבאנד, פססר — דאָס פאָטערלאנד פונ די ארבעטנדיקע פונ גאָר דער וועלט.

אונטער דער אָנפירונג פון אונדזער פּאַרטיי און דעם בעסטן לעגינעצ כ' סטאַלינענ פירן מיר א גראַנדיעזע בויונג־אַרבעט, און נאָענט איז די צייט, ווען מיר וועלן אויסבויען די אומקלאַסעווע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. ניט צו דערקענען איז שוין איצט אונדזער לאַנד — מיר זיינען געוואָרן א לאַנד פון די גרעסטע זאוואָדן, א לאַנד פון קאָלווירטן און ראַטווירטן, צענדליקער מיליאָנען אַרבעטנדיקע פון אונדזער לאַנד אַרבעטן, לערנען זיך, באהערשן די טעכניק, בויען דאָס נייע סאָציאַליסטישע לעבן.

ניט גרינג קומט עס אונדז אָן. מיר לעבן אין אַרומרינגלונג פון אימפּע־ריאַליסטישע פיינט, וואָס לויערן איבער אונדזערע גרענעצן און ווילן אונדז אָנבינדן א מילכאָמע, פיינט אינערלעכע — די פאַרבליבענע רעשטלעך פון די קאַפּיטאַליסטישע קלאַסן, באַלעגופים, בורזשואַזע נאַציאָנאַליסטן און זייערע אַגענטן, וואָס שמוגלען זיך דורך אין אונדזערע אַנשטאַלטן, אונטערנעמונגען, קאָלווירטן און אַפּילע אין דער פּאַרטיי, ווייזן אַרויס די גאַנצע צייט א ווילדן ווידערשטאַנד אונדזער זיגרייכן מאַרש פאָרויס.

אָבער אומזיסט! ניטאָ אין ראַטנפאַרבאַנד אזא קראַפט, וואָס זאָל זיך קאָ־נען אַנטקעגנשטעלן דער קראַפט פון מיליאָנען אַרבעטער און קאָלווירטניקעס. ניטאָ אזא קראַפט, וואָס זאָל זיך קאָנען קעגנשטעלן אונדזער לעניגישער פּאַרטיי.

אין עטלעכע טעג נאָכן X יאָרצייט פון לענינס טויט וועט זיך אין מאָסקווע צונויפנעמען דער XVII אַלפאַרבאַנדישער צוזאַמענפאָר פון לענינס פּאַרטיי אַפּ אונטערצופירן די גרויסע סאַכאַקלען פון אונדזער קאַמפּ און זיג, אָנמערקן די וויי־טערדיקע גרויסע אַרבעטן פון סאָציאַליסטישער בויונג, און מעכטיק וועט אָפּקלינגען איבער דעם גאַנצן פּראָלעטאַרישן לאַנד, איבער דער גאַנצער וועלט:

לענינס זאַך לעבט! לענינס זאַך וועט זיגן איבער דער גאַנצער וועלט!

אָט די קליינע קינסטלערישע זאַמלונג, וואָס מיר לאָזן אַרויס צום צענטן יאָרצייט פון לענינס טויט, וואָס שילדערט דעם גרויסן לעגינעצ און באַווייזט, וויאַזוי לעניג לעבט אין די הערצער פון מיליאָנען, וועט אָנפילן די קינדער־שע הערצער מיט א נאָך גרעסערער ליבע צום געניאַלן לערער און פירער פון דעם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, וועט פאַרשטאַרקן זייער ווילן צו לערנען זיך און קעמפן פאַר דער זאַך פון אַרבעטער־קלאַס, פאַר דער זאַך פון לעני־נען און סטאַלינען.

---

# I

# לענין —
# דער פירער
# פון אלוועלטלעכן פראָלעטאריאט

(צונויפגעשטעלט פון פארשיידענע זיכרוינעס)

א. אוליאנאָווא
(לענינס שוועסטער)

# וויִאזוי לענין האָט זיך געלערנט

## קינדער־יאָרן

1870. (47 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע) דעם 23 אפרעל איז געבוירן געוואָרן וולאדימיר איליטש לענין.

1879. (38 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, 9 יאָר אלט) איז וולאדימיר איליטש אָנגעקומען אין סימבירסקער גימנאזיע.

וולאדימיר איליטש האָט זיך אויסגעלערנט לייענען, ווען ער איז אלט געוואָרן 5 יאָר. אינאיינעם מיט זיין שוועסטער אָליע פלעג ער שוין דעמאָלט לייענען קינדער־ביכלעך און קינדער־זשורנאלן. זיך אָנגעלייענט, פלעג ער אוועקלויפן אינאיינעם מיט אָליען זיך שפילן. ער האָט שטארק ליב געהאט באוועגלעכע שפילן. זומער פלעגן זיי ביידע ארומלויפן אין סאָד און קלעטערן אף ביימער.

אז ער איז אלט געוואָרן 9 מיט א האלבן יאָר, איז ער אָנגעקומען אינעם ערשטן קלאס גימנאזיע. ער האָט זיך געלערנט גוט און מיט חשק. פייִקייטן האָט ער געהאט גוטע, און צו דערצו נאָך האָט אים אונדזער פאָטער צוגעוווינט צו געדולדיקייט און פינקטלעכקייט. ער פלעג אופמערקזאם אויספילן אלץ, וואָס מע האָט אים אין שול פארגעבן. זיינע לערער פלעגן זאָגן, אז וולאדימיר הערט זיך שטענדיק אופמערקזאם צו צו די דערקלערונגען פון די לערער.

געקומען פון גימנאזיע, פלעג וולאדימיר דערציילן דעם פאָטער, וויִאזוי ס'איז בא אים געגאנגען די לימודים, וואָס מע האָט אים געפרעגט און וויִאזוי ער האָט געענטפערט.

מיר דערמאנט זיך איצט אזא מין בילד:

איך געפין זיך באם טאטן אין קאבינעט. פלוצים טוט זיך אן עפן די טיר, און ס'באוויַיזט זיך וולאדימיר מיט זיַין פּאק ביכער.

— אפ רוסיש א פינף, אפ אלגעברע א פינף, — מעלדעט ער דעם טאטן. א צופרידענער שמייכל וויַיזט זיך אפן טאטנס פּאָנעם. און יעדן טאָג כאזערט זיך איבער דאָסזעלבע: וולא־דימיר באקומט גאָלע פינפן.

אין גימנאזיע האָט ער זיך אינטערעסירט מיט שפּראך, לי־טעראטור, געשיכטע און געאָגראפיע. ער האָט זייער ליב גע־האט שריפטלעכע ארבעטן. זיַינע ארבעטן זיַינען שטענדיק גע־ווען אָנגעשריבן מיט א גוטער, קלאָרער שפּראך.

אין דער פריַיער ציַיט פלעגן זיַינע כאוויירים קומען צו אים פארברענגען, ער איז געווען דער אָנפירער ביים אלע שפּילן. איבערן גאנצן הויף האָט מען דעמאָלט געהערט זיַין געלעכטער, זיַינע שפּאסן. אין דער פריַיער ציַיט פלעג ער אויך לויפן מיט זיַינע כאוויירים כאפּן פיש אין טיַיך.

אין קלאס איז ער געווען גוט צונויפגעלייגט מיט די כאוויי־רים. ער פלעג העלפן די אָפּגעשטאנענע כאוויירים צוגרייטן די לימודים, פלעג זיי דערקלערן דאָס אומפארשטענדלעכע, פלעג זיי פאריכטן זייערע ארבעטן. ביים די האפּסאָקעס פלעג ער פאר די כאוויירים קלאָר מאכן אלץ, וואָס זיי האָבן ניט פארשטאנען. אָפּטמאָל פלעג ער אומיסטן קומען אין גימ־נאזיע אפ א האלבער שאָ פריַער, קעדיי צו העלפן דעם אָדער יענעם כאוער מאכן א שווערע אופגאבע אפ מאטעמאטיק.

דער גאנצער קלאס האָט ליב געהאט וואָלאָדיען.

וולאדימיר אלייך איז געגאנגען פאָרויס און האָט מיטגע־צויגן מיט זיך אלע איבעריקע כעוורע.

## יונגער רעוואָליוציאָנער

1887 (30 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, 17 יאָר אלט) האָט וולאדימיר איליטש געענדיקט די גימנאזיע און איז אין דעמזעלבן יאָר אָנגעקומען אין קאזאנער אוניווער־

סיטעט. אין עטלעכע כאדאָשים ארום האָט מען אים אויסגע־שלאָסן פון אוניווערסיטעט און ארויסגעשיקט אין דאָרף קאָקושקינאָ, אלס שטראָף פאר זיין באטייליקן זיך אין א סטודענטישער „סכאָדקע” (רעוואָליוציאָנערע אומרוען).

## פאר דער באפרייונג פון די ארבעטער

1893. (24 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, 23 יאָר אלט) קומט וולאדימיר אוליאנאָוו קיין פעטערבורג און ארבעט אין געהיימע קרייזן פון פאבריק־ארבעטער.

1895. (25 יאָר אלט) פאָרט וולאדימיר איליטש דאָס ערשטע מאָל קיין אויסלאנד און פארבינדט זיך מיט די אָנגעזעענסטע רוסישע רעוואָליוציאָנערן פון יענער צייט: פלעכאנאָוו, אקסעלראָד, זאסוליטש. קומענדיק פונדאָרט, אָרגאניזירט ער דעם „קאמף־פאריין פאר דער באפרייונג פון ארבעטער־קלאס”. אין דעקאבער ווערט ארעסטירט דער „פאריין” צוזאמען מיט וולאדימיר איליטשן.

1896 — 1897 — אין טורמע. דאָרט האָט ער אָנגעהויבן שרייבן זיין באוווסטן בוך: „די אנטוויקלונג פונעם קאפי־טאליזם אין רוסלאנד”.

1897 — 1900 — דריי יאָר אפ פארשיקונג אין סיביר.

## אין עמיגראציע

1900. (17 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, 30 יאָר אלט) פאָרט וולאדימיר איליטש אריבער קיין אויס־לאנד און הייבט אָן ארויסגעבן די צייטונג „איסקרא”.

1903. (14 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע) דער II צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער ארבעטער־פארטיי אין לאָנדאָן. לענין — אין דער שפיץ פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי.

1904. לענין גיט ארויס די באָלשעוויסטישע צייטונג „וופעריאָד” („פאָרויס”).

1905 דער III צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער ארבעטער־פארטיי.

לעניג גיט ארויס א באָלשעוויסטישע צײַטונג — „פּראָ־לעטארי". אין הארבסט קומט לעניג קיין רוסלאנד. נאָך 5 יאָר עמיגראציע נעמט לעניג אָן אנטייל אין צוגרייטן די ערשטע רוסישע רעוואָליוציע (דעם אופשטאנד אין מאָסקווע אין 1905 יאָר).

## אין 1905 יאָר

(ערשטע רוסישע רעוואָליוציע)

1905. (12 יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע, 35 יאָר אלט) לעניג געפינט זיך אין פעטערבורג צווישן די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער־מאסן, גיט ארויס רעוואָליו־ציאָנערע צײַטונגען און פלוג־בלעטלעך, טרעט ארויס אף מיטינגען און אָרגאניזירט די ארבעטער. די רעוואָליוציע ווערט דערשטיקט.

1906. דער IV צוזאמענפאָר פון דער רוסלענדישער ארבעטער־פארטיי אין סטאָקהאָלם (שוועדן) בא לעניגס אק־טיוון אָנטייל. קאמף מיט די מענשעוויקעס. אָרגאניזירט אן אופשטאנד פון מאטראָסן אין קראָנשטאט (א יאמ־פעסטונג בא לעניגראד). מוז אוועק אין אונטערערד.

## אינדערפרעמד

1907 — 1917. אלע צען יאָר פאר דער אָקטיאבער־רעוואָ־ליוציע געפינט זיך וולאדימיר איליטש אויסער רוסלאנד: אין ענגלאנד, אין פינלאנד, אין פראנקרײַך, אין גאליציע און אין דער שווייץ.

די אלע 10 יאָר האָט לעניג אָן אופהער געפירט א קאמף. ער שרײַבט פיל ארטיקלען און ביכער, גיט ארויס פארשיי־דענע צײַטונגען: „ראבאָטשעיע דיעלאָ", „סאָציאלדעמאָ־קראט", „פּראוודא", „זוועזדא" און אנדערע; לייענט לעק־ציעס און פּאָרטראגן אין פארשיידענע שטעט פון איירָאָפּע,

באטייליקט זיך און רופט צונויף פארשיידענע בעראטונגען און קאָנפערענצן, קעמפט מיט אלע קייכעס קעגן דער בלוטיקער מילכאָמע פון 1914 יאָר און אָרגאניזירט די אר־בעטער פון אלע לענדער צום קאמף פאר דער סאָציאַלער רעוואָליוציע.

## אין פייער פון דער רעוואָליוציע

1917—די גרויסע רוסישע רעוואָליוציע. ס׳ווערט געגרינ־דעט די ערשטע סאָציאַליסטישע רעפובליק אין דער וועלט—די רוסלענדישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפובליק. לענין אין דער שפיץ פון דער ראטנמאכט פירט דעם פראָ־לעטאריאט צום פולן ניצאָכן איבער אלע סאָנים פון דער ראטנמאכט.

י. סטאלין

# דער באַרג-אָדלער

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באַקענט מיט לענינען אין יאָר 1903. עמעס, דאָס איז ניט געווען קיין פּערזענלעכע באַקאַנטשאַפט, נאָר א הינטערוויגיקע — דורך קאָרעספּאָנדענץ. דאָך האָט זי אויף מיר געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק, וואָס איז מיר פאַרבליבן די גאַנצע צייט פון מיין אַרבעט אין דער פּאַרטיי. איך בין דעמאָלט געווען אין סיביר אין פאַרשיקונג.

די באַקאַנטשאַפט מיט דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון לענינען סאָף 90־טע יאָרן און, באַזונדערס, נאָכן 1901 יאָר, נאָכן דערשיינען פון „איסקרא", האָט מיך געבראַכט צו דער איבערצייגונג, אַז מיר האָבן אין לענינס פּערזאָן אַן אויסערגעוויינלעכן מענטשן. שוין דעמאָלט האָב איך געקוקט אויף לענינען ניט ווי אויף א געוויינלעכן פאַרטיי־פירער. ער איז געווען דער פאַקטישער שעפער פון דער פּאַרטיי, ווייל ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט פאַרשטאַנען דעם אינערלעכן טאָך און די דרינגענדיקע נויטן פון אונדזער פּאַרטיי. ווען איך פלעג אים פאַרגלייכן מיט די איבעריקע אָנפירערס פון אונדזער פּאַרטיי, האָט זיך מיר שטענדיק געדוכט, אַז לענינס מיטקעמפער — פּלעכאַנאָוו, מאַרטאָוו, אַקסעלראָד און די אַנדערע — זיינען מיט א גאַנצן קאָפּ נידעריקער פון לענינען; אַז לענין, אין פאַרגלייך מיט זיי, איז ניט פּראָסט איינער פון די אָנפירער, נאָר אַן אָנפירער פון העכערן טיפּ, א באַרג־אָדלער, וואָס ווייסט ניט פון קיין פּאַכעד אין קאַמף און וואָס פירט דרייסט די פּאַרטיי פאָרויס אויף די אויסגעפּרוווטע וועגן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

# לעניב

## זײַנ נאָמענ

פונ טויבע דערפלעכ אינ ווײַטער אינדיע רײַסט מענ זיכ הונדערטער מײַלנ, גאנוועט מענ זיכ מיט סאקאָנעס־נעפּאָשעס, דורכ בערג אונ דורכ וועלדער, דערשלאָגנ זיכ קיינ קאבול דער שטאָט, אינ דער רוסישער מיסיע—אינדוסנ, פארשקלאפטע, פארפײַניקטע אינ ענגלישער קנעכטשאפט. זיי קומענ אונ פרעגנ:

— ווער איז א־יענער, וואָס הייסט לעניב?

אינ אנ אנדער עק וועלט, בא די געבראָכענע ברעגנ פונ סקאנדינאווער האלב־אינדזל, ווארעמענ זיכ פישער בא פײַערס צע־לייגטע אונ ווארפנ זיכ איבער מיט פאָשעטע ווערטער:

— אָט לעניב, א מענטש א ווױלער.

באגעגענענ זיכ צוויי רוסישע אינ א פראכטפולנ האָטעל פונ אנ אייראָפּייִשער שטאָט, דערבײַ איז א נעגערל א באדינער בא דער זײַט געשטאנענ.

דערהערט רוסיש ריידנ, האָט דאָס שווארצע פּענעמל באַם נעגערל אופגעלויכטנ:

— רוסנ. איכ אויכ וויים—לעניב...

אינ זוניקער ווענעציע, נאָכ שווערנ טאָג ארבעט, שארנ זיכ שאָטנס פונ טונקעלע פאבריקנ אונ צייכענענ מיט פינגער פאר־קוילטע אפ ווענט אונ אפ פלויטנ א נאָמענ אזעלכנ—

— לעניב.

פונ סאכארע דער הייסער ביזנ אײַזיקנ גרענלאנד, ווו מענטשנ נאָר קרעכצנ אונטערנ לאסט פונ א באדריקער, ווארעמט א נאָמענ אינ הארצ פונ מיליאָנענ—

— לעניב.

---

# לעבינס געשטאלט

א מאן פון ניט־הויכן וואוקס, וועלכער מאכט דעם איינדרוק פון אן אויסגעצייכנטן גוואר. דער קאָפּ א גלאטער, ווי א פּאָליר־טער, זיצט אפן א פעסטן קערפּער. געלבלעכע הארטע וואָנצן און באָרד, א פּאָנעם מיט שארפע שטריכן, און ניט קיין גרויסע אויגן, וואָס בליצן אוף פון צייט צו צייט.

קוקנדיק אפן לענינען, קומט ניט־ווילנדיק אפן געדאנק אזא פארגלייך — א פּאָלירטע, גלאנצנדיקע שטאָלענע באָמבע, אָנ־געפילט מיט אופרייס־מאטעריאל פון אויסערגעוויינלעכער קראפט.

אָסינסקי.

דער בוי פון לענינס שארבן איז אן אויסגענומענער. די טיפּ איינגעגראָבענע, ניט־גרויסע און שרעקלעך אופמערקזאמע אויגן, שמייכלענדיקע און פולע מיט איראָניע, בלישטשען מיט סייכל און מיט א מין רייצנדיקער פרייד. נאָר ווען ער רעדט, ווערן זיי פינצטער און ווי זיי פארצויבערן. א ברייטע נאָז און פולע ליפּן מאכן אים ענלעך אפן א טאָטער.

לונאטשארסקי.

דאָס פּאָנעם — זאמד־קאָליר. קנייטשן צעגייען זיך פון דער נאָז, ווי אויסגעהאקטע אין שטיין. שווארצע פייערדיקע שווארצ־אפּלען, דאָס פּאָנעם אזא פראָסטס, ווען ניט די אויגן — אפּילע א לאנגווייליקס. אין די אויגן — א ווידערשפּרוך: זיי זיינען אי גוטע, אי שטרענגע. נאָר אונטער דער גוטסקייט און אונטער דער שטרענגקייט, ערגעץ טיף, איז געלעכטער פארבאהאלטן.

אראָסאָוו.

## רעדט

... מיך האָט פארכאפּט די גוואלדיק־שטארקע קראפט פון דער לאָגיק אין לענינס רעדעס — די לאָגיק, וואָס איז כאָטש אביסל טרוקן, אָבער דערפאר האלט זי פעסט די אאודיטאָריע, עלעקטריזירט זי פּאַוואָליע און נעמט זי דערנאָך ארייַן, אזוי צו זאָגן, אין געפענקעניש. איך געדענק, ווי אסאך פון די דע־לעגאטן האָבן דעמאָלט געזאָגט: די לאָגיק אין לענינס רעדעס —

דאָס איז א מינ אלמעכטיקער צוואנג, וואָס כאפט דיכ ארומ פונ אלע זײַטנ, אונ דו קאָנסט זיכ פונעמ קלעמ ניט ארויסרײַסנ: „אָדער גיב זיכ אונטער, אָדער גיי אפ א פולשטענדיקנ דורכ־פאל". איכ דענק, אז אָט די באזונדערקײַט פונ לענינס רע־דעס איז די שטארקסטע זײַט פונ זײַנ אָראטארישער קונסט.

י. סטאלינ.

אפ דער עסטראדע גייט ארופ ניט קיינ הויכער קרעפטיקער מאנ. מיט ביידע הענט טוט ער א גלעט דעמ הויכנ שארבנ, צעלייגט זײַנע פאפירנ אונ גראָבט אײַנ אינ זיי דעמ קאָפ, טוט זיכ א דריי אהינ, אהער — אונ לענינ הייבט אָנ ריידנ דײַטלעכ אונ געשטעלט, אביסל שטיל, ווי עפעס אײַנרוימענדיק, באזונ־דער אינ די פאלנ, וועלכע שטעלנ צופרידנ אימ אליינ.

ווענ ער הייבט אָנ צו ריידנ, זײַנענ די הענט בא אימ פרײַ, אונ אמאָל גאָר פארלייגט אינ די טאשנ; נאָר אָט הייבט זיכ אופ די רעכטע האנט, אונ איר ענערגישער זשעסט נעמט מאכנ בינדשטריכנ אונ אבזאצנ אינ ריידנ, הייבט אָנ אונטערשטרײַכנ ווערטער אונ פראזנ; שפעטער קאָנ די לינקע האנט שוינ אויכ ניט אויסהאלטנ, אונ ביידע הענט נעמענ שוינ איליוסטרירנ דעמ פארוויקלטנ געדאנקענגאנג. די הענט זשעסטיקולירנ גיכ־גיכ פליסנ די ווערטער, אונ אלצ גיכער ווערט קלאָרער אינ די מויכעס כונ די צוהערער, אלצ מער ווערנ זיי צופרידענער, וואָס דער גרונט־ריננ פונ דער קייט איז געפאקט, אונ זיי אונ מיליאָנענ מענטשנ פונ יענער זײַט ווענט וועלנ שוינ קאָנענ „ארויסשלעפנ די גאנצע קייט". דאָ האָט שוינ לענינס רעדע דערגרייכט דעמ העכסטנ פונקט; זײַנע הענט האָבנ שוינ זייערס אָפגעטאָנ. א בייג טוענדיק דעמ קערפער אפ צוריק, פארשטעקט ער די גראָבע פינגער פונ ביידע הענט אינ די קאמזויל־אויס־שניטנ, צעשפילענדיק דאָס רעקל, גלײַכ די גראָבע פינגער האָבנ שוינ פארכאפט די הויפט־רינגענ פונ דער קייט, וואָס מע דארפ שלעפנ, אונ קימאט שוינ אומבאוועגלעכ, זשעסטיקולירנ־דיק נאָר מיטנ קערפער, פירט לענינ די צוהערער צו פאשעטע אונ ריכטיקע אויספירנ.

אָסינסקי.

איבערגעבויגנ איבערנ באריער פונ באלקאָנ, האָט ער גע־ האלטנ א רעדע. ער האָט גערעדט, אונ זײַנ קאָל איז געווענ פול מיט יענער קראפט, וואָס גיסט אינ הארצנ ארײַנ זיכערקײַט. אלע לענינס ווערטער זײַנענ פאָשעטע. נאָר פאלט זײַנס א וואָרט אינ הארצנ ארײַנ, צעבײַסט איר עס נאָר, וועט איר אינ דעמ א יאָדערל געפינענ.

ארלאָסאָוו.

## רעדט

ער רעדט מערקווירדיק פאָשעטע ווערטער, מיט אנ אײַזער־ נער שפראכ, מיט דער לאָגיק פונ א האק.

גאָרקי.

## שרײַבט

ער שרײַבט שרעקלעכ גיכ, מיט היפש צעוואָרפענעמ קסאוו, אָנ איינ מעק שרײַבט ער זײַנע ארטיקלענ, אפ ווערכע ער דאַרפ זיכ גאָרניט אָנשטרענגענ. שרײַבנ שרײַבט ער גאנצפרי, אופ־ שטייענדיק פונ געלעגער; ער שרײַבט אויכ באנאכט, נאָכנ שווערנ ארבעט־טאָג, אונ ווענ ס׳קומט אימ אויס.

לונאטשארסקי.

## לייענט

אינ די הענט האָט ער געהאלטנ אנ ערנסטנ בוכ אונ אלע האלבע מינוט האָט ער איבערגעמישט א בלעטל.

איכ האָב אימ א פרעג געטאָנ:

— איר לייענט דעמ בוכ, צי איר בלעטערט אימ נאָר דורכ? לענינ, אביסל פארכידעשט פונ דער פראגע, ענטפערט מיט א שמייכל:

— איכ לייענ, אונ זייער אופמערקזאמ לייענ איכ, ווײַל דאָס בוכ האָט די ווערט.

לעפעשינסקי.

נאָכ פונ קינדווײַז אופ האָט וולאדימיר איליטש זייער אסאכ געלייענט, ער האָט אָבער ניט נאָר פאָשעט געלייענט ביכער, ער האָט געקאָנט לערנענ זיי, שטודירנ, געמאכט קאָנספעקטנ, נאָ־ טיצנ, אויסגעשריבנ ציטאטנ.

ס'איז פארבליבן א מענגע העפטן און אויסשריפטן, וועל־
כע ווייזן, וואָס פאר א גוואלדיקע מאסע ליטעראטור אין אלע
צווייגן פון וויסנשאפט איליטש האָט דורכגעשטודירט אין פאר־
לויף פון זיין לעבן.

מ. אוליאנאָווו.

## הערט

ער האָט געקאָנט אזוי הערן, אז צו אים איז קיין גלייכן גאָר
ניטאָ. ער האָט געדולדיק, אופמערקזאם געהערט א סאָלדאט
פון דער אלטער ארמיי, א פויער פון א ווייטן קאנט, אן אר־
בעטער־מעטאליסט. אין א צופעליקן שמועס פון א דאָרפישער
זקיינע פלעג ער אָנטאפן דעם דייפעק פונעם פויערטום.

בוכארין.

## זיין ווילן

ניט קיין רעדנער, ניט קיין שרייבער, ניט אפילע קיין קאָפ־
מענטש — ניט דאָס זיינען די שטארקסטע זייטן פון לענינען.
דער וויכטיקסטער און סאמע שטארקסטער שטריך זיינער, וואָס
איז קימאט א האלב פון זיין גאנצן וועזן — דאָס איז זיין ווילן:
ביז גאָר אויסגעטיילטער, ביז גאָר אָנגעשטרענגטער ווילן, וואָס
קאָן זיך אָפּגעבן דער נאָענטסטער אופגאבע, ניט ארויסגייענ־
דיק פון די ראמען, וואָס עס האָט אָנגעצייכנט דער געזונטער
סייכל זיינער.

לונאטשארסקי.

א ווילן בא אים ניט קיין אייזערנער, — דאָס וואָלט געווען צו
ווייך געזאָגט, — נאָר א שטאָלענער.

ראָוויאָ.

## ארבעט־טאָג

דער ארבעט־טאָג בא לענינען איז געווען שטרענג פאנאנ־
דערגעטיילט.

זעלטן ווער נאָך ס'האָט אייַנגעפירט פאר זיך אליין אזא מין
דיסציפּלין. דעם גאנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאכט איז
ער געווען פארטאָן מיט ערנסטער וויסנשאפטלעכער און

פאַרטייִשער אַרבעט, מיט אַ קליינער האַפּטאָקע נאָר פאַר אַ בּאַ־
שיידענעם, פּאָשעטן מיטיק און אַ קורצן שפּאַציר.

ג. פּעטראָווסקי.

## פינקטלעכקייט און אָרגאַניזירטקייט

ווען דער סאָוונאַרקאָם איז אַריבּער קיין מאָסקווע, האָט ער אָנגעהויבּן צו אַרבּעטן רעגוליער, פינקטלעך. 9 אַזייגער אין־אָוונט פלעג שוין לעניןֿ זײַן אַפֿ זײַן אָרט. די זיצונג האָט ער געעפֿנט צו דער צײַט, אַפילע בּאַ אַ קליינער צאָל מיטגלידער פון סאָוונאַרקאָם. וואָס ווײַטער זײַנען שוין אַלע אָנטיילנעמער פון די זיצונגען געוואָרן פינקטלעכער.

ש. דימאַנשטיין.

## בּאַם רודער פון מעלוכע

לענין האָט ניט נאָר זיך אינטערעסירט מיט די וויכטיקסטע מאָמענטן אינעם ווידערופשטעלן אונדזערווירטשאַפט, נאָר ער האָט אַליין אויסגעאַרבּעט, דיקטירט, פאַרגעלייגט, געווירקט מיט אַלע קויכעס פון זײַן מעכטיקן מאַרך, שטעלנדיק די פראַ־גע אַפֿ די אָדער יענע רעלסן.

לאָמאָוו.

## זיצונגען פון סאָוונאַרקאָם

אַזייגער 11 אינאָוונט פלעגן מיר זיך צונויפֿאָרן אַפֿ די זי־צונגען פון סאָוונאַרקאָם אין סמאָלני, און דאָ, אונטערן פאָרזיץ פון כ' לענין—דאָסראָוו בּיז 4—5 און אָפטמאָל אַפילע בּיז 6 אַזיי־גער אינדערפרי—זײַנען בּאַטראַכט געוואָרן די וויכטיקסטע פראַגן פון לעבּן אין לאַנד.

לאָמאָוו.

די זיצונגען פון סאָוונאַרקאָם האָט לענין געפירט אין שטרענגסטער אָרדענונג, אַזוי אַז בּאַ דער גרעסטער עקאָנאָמיע פון צײַט זאָל מאַקסימום אָפּגעטאָן ווערן. דערבּײַ פלעג ער זיך דורכשמועסן מיט אַלע מיטגלידער פון דער זיצונג, ענט־פערן אַפֿ זייערע צעטעלעך (און אין יענע צעטעלעך איז געווען אַן אָנווײַזונג, אַ דערקלערונג, אַן אויפגאַבּע א. ד. גל.), אָפּגעבּן

פאראָרדענונגען די סעקרעטארן, זייערע געהילפן, געלייענט ביכער, צייטונגען, אויסשניטן פון אויסלענדישע זשורנאלן.

דאָס איז געווען אזוי כידעשדיק, אז אָפטמאָל פלעגן מען זיך טרעפן: ווי איז עס פיזיש מעגלעך אזוי הערן און אופנעמען אלץ, וואָס די רעדנער רעדן? און פונדעסטוועגן פלעגן לענין אין זיין רעזיומע אָדער אין זיין וואָרט בייס די וויקוכים ווייזן, אז ער האָט אויסגעצייכנט אָנגעמערקט און פארגעדענקט אלע שוואכע און שטארקע ערטער פון אלע כאווייריםֿ, וואָס האָבן זיך ארויסגעזאָגט.

לעפּלעווסקי.

וויינציק זיינען דאָ אזוינע, וואָס זאָלן קאָנען אזוי גיך געווינען די ליבשאפט פון קינדער, ווי כ׳לענין. אזוי גיך מאכן זיי פארגעסן, אז זיי האָבן צו טון מיט אן ערנסטן מענטשן.

אדאנק דעם כ׳לענין איז דורכגעפירט געוואָרן אין סאָוועטנפארבאנד דער אייניציקסטער אין דער וועלט געזעץ, וועלכער פארבאָט זעצן אין טפיסע קינדער געזעץ־פארברעכער, יינגערע פון 16 יאָר.

סעמאשקאָ.

## צו דער נאטור

וולאדימיר איליטש האָט זייער ליב געהאט די נאטור. איך רעד שוין ניט וועגן סיביר, אָבער אויך אין דער עמיגראציע פלעגן מיר שטענדיק אוועקגיין ערגעץ־ווו הינטערן שטאָט, פלעגן זיך פארקלייבן ווייט־ווייט און פלעגן זיך אומקערן אהיים ווי שיכורע פון לופט, באוועגונג און איינדרוקן.

קרופסקאיא.

## געיעג

אָפט פלעגט זיך צונויפנעמען אונדזער כעווריע צו פארברענגען אביסל מיטן ביקסל אפן אקסל.

די בעסטע יעגער אונדזערע זיינען געווען קונאטאָווסקי און סטארקאָוו.

דער כאוועך לעניג איז געווען א בעריע אפ „פודלען“ (אפ יעגער־לאָשן הייסט עס — שיסן און ניט טרעפן). נאָר קאָן דען דער כ׳לעניג אָפּשטיין פון אנדערע, בלײַבן הינטערשטעליק ? — אפ קיין פאל ניט. גייט סטארקאָוו אויס 20 וויאָרסט, לויפט איליטש אויס (מאמעש ער לויפט אויס) צווישן די קוסטן, איבער די בלאָ־טעס גאנצע 40 וויאָרסט, אבי נאָר ערגעץ אונטער׳צושיסן כאָטש א פויגל.

לעפּעשינסקי.

## ספּאָרט

די גאנצע כאליאסטרע שיט זיך ארויס אפן גלאטן אײַז פון פארפרוירענעם טײַך — א הוליע טון אפ די גליטשערס.

איליטש איז דאָרט דער ערשטער, און ער שרײַט אויס:

— נו, ווער וויל מיך איבעריאָגן ?...

און עטלעכע פאָר פיס ארבעטן שוין איבערן אײַז. אפ פאָ־רויס פאר אלעמען „פליט“ איליטש, אָנשטרענגענדיק אלע זײַ־נע קויכעס — ער לאָזט זיך ניט איבעריאָגן.

לעפּעשינסקי.

## שאָך־שפּיל

איך געדענק, ווי מיר אינדרײַען — איך, סטארקאָוו און קרזשי־זשאנאָווסקי — האָבן זיך גענומען שפּילן קעגן איליטשן. און אוי, א גליק, אוי, א פרייד — איליטש האָט זיך „אויסגעגליטשט“... אי־ליטש פארשפּילט, ער האָט שוין פארלאָרן א פיגור, ער האלט שוין שמאָל. אונדזער ניצאָכן איז געזיכערט.

די צורעס באַ דער „שאכמאט־אנטאנט“ זײַנען יאָנטעוודיק־פריילעכע, לאכנדיק שטשירען מיר שוין די ציין אלץ מער און מער.

די „אנטאנט“ קוועלט און לאכט פונעם שוואכן קעגנער — אָט־אָט וועלן זיך ארויסווײַזן די רעזולטאטן פונעם געווינישן גאנג פון די ווײַסע קעגן די שלימאזלדיקע שווארצע...

און מיר קוקן זיך גאָרניט אום אפן האלב־צעשלאָגענעם קעגנער, וואָס זיצט אזוי פארגליווערט איבערן שאך־ברעטל אין איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג. אפן גרויסן שטערן זײַנעם

האָבן ארויסגעזעצט טראָפּנס שווייס. די אויגן זײַנען פארטיפט אין יענעם ווינקל, ווו ס'איז קאָנצענטרירט דער סטראטעגישער הויפּט־פונקט פונעם שלאכט.

איך בין זיכער, ווען עמעצער זאָל געווען א געשריי טון אין יענער מינוט: „ס'ברענט!" — וואָלט איליטש אפילע מיט קיין אויג ניט געווען קיין פינטל טון. זײַן לעבן־ציל אין יענער מינוט איז געווען זיך ניט אונטערגעבן, ארויסשטיין, ניט בלײַבן קיין באזיגטער.

די לײַכטזיניקע „אנטאנט" האָט גאָרניט ניט באמערקט.

דעם ערשטן „נײַ־גוואלד" האָב איך געמאכט:

— בא־בא־בא, עפּעס איז ניט גלאט, — האָב איך אויסגעשריִען, באמערקנדיק דעם לעצטן אויסגעצייכנטן גאנג פון איליטשן.

— המ, המ... מ'דארף צעקלײַען.

נאָר צעקלײַען האָט מען באדארפט פריִער. איצטער איז שוין געווען צו שפּעט. מיט צוויי־דרײַ „שטילע" גענג האָט ער אפּ טויט צעקלאפּט די „אנטאנט".

די „אנטאנט" האָט זיך גענומען עסן און ארופלייגן די שולד איינער אפן צווייטן, און דער זיגער האָט געמיטלעך געשמייכלט, ווישנדיק מיטן טיכעלע דעם שווייס פון שטערן.

לעפּעשינסקי.

## ליטעראטור

דער כאווער, וואָס האָט מיך צום ערשטן מאָל באקענט מיט וולאדימיר איליטשן, האָט מיר געזאָגט, אז איליטש איז א מענטש א געלערנטער, ער לייענט אויסשליסלעך וויסנשאפט־לעכע ביכער. אפ זײַן לעבן האָט ער ניט איבערגעלייענט קיין איין ראָמאן, קיינמאָל קיין דיכטונג ניט געלייענט. האָב איך זיך פארכידעשט. איך פערזענלעך האָב איבערגעלייענט אין דער יוגנט אלע קלאסיקער, געקענט אפ אויסנווייניק קימאט גאנצע לערמאָנטאָוון א. ד. גל. אזעלכע שרײַבער, ווי טשערנישעווסקי, ל. טאָלסטוי, אוספּענסקי האָבן פארנומען אין מײַן לעבן א באדײַטנדיק אָרט. מיר האָט זיך אויסגעוויזן מאָדנע, וואָס אָט איז א מענטש, וועמען דאָס אינטערעסירט גאָר אינגאנצן ניט.

שפּעטער באַ דער אַרבעט האָב איך גוט דערקענט איליטשן, געזען, ווי ער שאַצט אָפּ מענטשן, ווי ער קוקט זיך שאַרף אַײַן אין לעבן, אין מענטשן — און דער לעבעדיקער איליטש האָט אַרויסגעשטויסן מײַנע פֿריִערדיקע פֿאָרשטעלונג פֿון אים, ווי פֿון אײנעם, וועלכער האָט קײנמאָל ניט געגומען אין האַנט קײן ביכער, וועלכע רעדן וועגן דעם, מיט וואָס מענטשן לעבן. איז אונדז אָבער דעמאָלט ניט אויסגעקומען דורכשמועסן זיך אַף דער טעמע. נאָכדעם, אין סיביר, האָב איך שוין געוווּסט, אַז איליטש האָט ניט ווייניקער פֿון מיר געלייענט די קלאַסיקער, און ניט נאָר געלייענט, נאָר אויך עטלעכע מאָל איבערגעלייענט, צום בײַשפּיל, טורגעניעוון. אין סיביר האָב איך געבראַכט מיט זיך פּושקינען, לערמאָנטאָװן, נעקראַסאָװן. וולאַדימיר איליטש האָט זיי אַוועקגעלייגט לעבן זײַן בעט צוזאַמען מיט העגעלן, און אין די אָוונטן האָט ער זיי ווידער און ווידעראַמאָל געלייענט. מער פֿון אַלץ האָט ער ליב געהאַט פּושקינען. אָבער ניט נאָר די פֿאָרם האָט ער געשעצט. ער האָט, צום בײַשפּיל, ליב געהאַט טשערנישעווסקיס ראָמאַן „טשטאָ דעלאַט" („וואָס דאַרף מען טאָן"), ניט געקוקט אַף זײַן קנאַפּער קינסטלערישקײט און נאַיווער פֿאָרם. איך האָט געוווּנדערט, ווי אויפֿמערקזאַם ער האָט געלייענט דעמאָלט דעם ראָמאַן און וואָס פֿאַר א דינסטע שטריכן אין דעם ראָמאַן ער האָט באַמערקט.

אגעוו, האָט ער ליב געהאַט די געשטאַלט טשערנישעווסקיס, און אין זײַן סיבירער אַלבאָם זײַנען געווען צוויי בילדער פֿון דעמדאָזיקן שרײַבער: אײנס מיט איליטשס אַן אויפֿשריפֿט — דאָס יאָר פֿון זײַן געבוירן און שטאַרבן. אין איליטשס אַלבאָם זײַנען געווען אויך אַנדערע בילדער — עמיל זאָליאַ, און פֿון די רוסישע — הערצען און פּיסאַרעוו.

א געוויסע צײַט האָט וולאַדימיר איליטש זייער אַסאַך געלייענט און ליב געהאַט פּיסאַרעוון. איך געדענק, אַז אין סיביר האָט ער געהאַט אויך געטעס „פֿאַוסט" אין דײַטש און א באַנד הײַנעס לידער.

נ. ק. קרופּסקאַיאַ.

## מוזיק

ער האָט זייער ליב מוזיק און זינגען. עס איז בא אים ניט געװען קײן בעסערער פארגעניגן, קײן בעסער מיטל אפּ זיך אָפּצורוען פון קאבינעט־ארבעט, װי צו הערן דאָס זינגען פון כ׳ גורסעװ און דאָס פידל־שפּילן פון קראַטיקאָװן אונטערן אקאָמפּאנימענט פון לידא פאָטיעװא (אין די עמיגראציע־יאָרן 1904־05).

לעפּעשינסקי.

אז מיר פלעגן אפּ אונדזערע „אָװנטן“ זיך נעמען אויספּילן אונדזער געװײנלעכן רעפּערטואר, פלעג איליטש צעהיצן זיך און א קאָמאנדעװע טון:

— צו אלדע רוכעס דאָס לידל „אזוי איז איר מאזל“, לאָמיר א נעם טון „Смело, товарищи, в ногу“

און קעדײ ניט דערלאָזן, מיר זאָלן זיך אָפּזאָגן, פלעג ער גלײַך פארציען מיט זײַן הײזעריקלעכן, פאלשן קאָל, װאָס איז עפּעס געװען נישט קײן באריטאָן, נישט קײן באס און קײן טענאָר.

לעפּעשינסקי.

## באשײדנקײט—זײַן שטענדיקע מידע

צום ערשטן מאָל האָב איך זיך באגעגנט מיט לענינען דעקאבער כוידעש 1905 יאָר אפּ א קאָנפערענץ פון באָלשעװיקעס אין טאמערפאָרס (אין פינלאנד).

איך האָב געהאָפט דערזען דעם בארג־אָדלער פון אונדזער פארטײ, דעם גרויסן מענטשן — גרויס ניט נאָר אין פּאָליטישן זין, נאָר אויב איר װילט, אויך פיזיש, װײַל לענין האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט א שטאָלענע, שטאלטנע פיגור. װי גרויס איז אָבער געװען מײַן אנטוישונג, װען איך האָב דערזען פאר זיך א סאמע געװײנלעכן מענטשן פון א נידעריקן װוקס, װאָס מיט גאָרניט, אבסאָליוט מיט גאָרניט אונטערשײדט ער זיך ניט פון אנדערע מענטשן...

מע האלט, אז „א גרויסער מענטש דארף געװײנלעך פארשפּעטיקן אפּ א פארזאמלונג, קעדײ די פארזאמלטע זאָלן מיט

הארצקלעמעניש ווארטנ אפ זײַנ קומענ, אונ איידער אזא גרויסער מענטש באווײַזט זיכ, זאָלנ די פארזאמלטע מאכנ אופמערק־זאמ: „טסס... שטיל, ער גייט“. איכ האָב געהאלטנ, אז אזא פראָצעדור איז ניט איבעריק, מאכמעס דאָס אימפּאָנירט, דאָס רופט ארויס אָפּשײַ. ווי גרויס איז אָבער געווענ מײַנ אנטוישונג, ווענ איכ האָב זיכ דערוווּסט, אז לענינ איז געקומענ אפ דער פארזאמלונג נאָכ פריִער פאר די דעלעגאטנ, אונ, פארקלײַבנדיק זיכ ערגעצ אינ א ווינקל, פירט ער א פּאָשעטנ שמועס — פּראָסט, גוטברודעריש מיט די פּאָשעטסטע דעלעגאטנ פונ דער קאָנפּע־רענצ. איכ בינ זיכ מוידע, אז איכ האָב דעמאָלט אײַנגעזענ אינ דעמ א געוויסנ אָפּנויג פונ געוויסע נייטיקע קלאָלימ. ערשט שפּעטער האָב איכ פארשטאנענ, אז אָט די פּראָסטקײַט אונ באשיידנקײַט פונ לענינענ, אָט די שטרעבונג צו בלײַבנ אומ־באמערקט, אלנפאלס, ניט ווארפנ זיכ אינ די אויגנ — אונ ניט אונטערשטרײַכנ זײַנ הויכגעשטעלטע לאגע — אָט דער כאראק־טעריסטישער שטריכ איז איינע פונ די שטארקסטע אייגנשאפטנ פונ לענינענ, אלס דעמ נײַעמ פירער פונ נײַע מאסנ — פּראָסטע, פּאָשעטע מאסנ פונ די טיפסטע „אונטערשיכטנ“ פונ דער מענטשהײַט...

י. סטאלינ.

באלד נאָכ דעמ, ווי די סאָוועטנרעגירונג איז אריבערגעפאָרנ קיינ מאָסקווע, האָט וולאדימיר איליטש זיכ באזעצט אינ קרעמל אינ א קליינער קווארטיר אינעמ דריטנ שטאָק, אינעמ הויז, ווו ס׳געפינט זיכ דער אלרוסלענדישער צענטראלער אויספירקאָמי־טעט. ער פערזענלעכ האָט פארנומענ דעמ קלענסטנ צימער (36 ארשינ די גרייס), מיט איינ פענצטער, באשיידנ מעבלירט. דער־דאָזיקער צימער האָט אימ געדינט אי אלס ארבעטצימער, אי אלס שלאָפצימער. די איבעריקע פיר צימערנ פונ קווארטיר האָבנ פארנומענ די איבעריקע פאמיליע־מיטגלידער.

לענינס צימער איז געווענ זייער ניט קיינ באקוועמער — א דורכגאנג־צימער. די אלטע פארקעט־פּאָדלאָגע האָט שטענדיק געסקריפּעט. דורכ די דינע ווענטלעכ פלעג אינ וולאדימיר אי־ליטשס צימער ארײַנדרינגענ דער טומל פונ די ארומיקע צימערנ.

רעמאָנטירנ די קוואַרטיר האָט וולאַדימיר איליטש גערעכנט פאַר איבעריק אונ ניט נייטיק.

אז ער איז, נאָכנ ערשטנ מאָל קראַנק זײַנ, אַריבערגעפאָרנ פונ האָרקי צוריק אינ קרעמל, האָט ער ווײַטער געוווינט אינעם קליינעם צימערל. שפּעט באַנאַכט פלעג זיך אַלצ לײַכטנ בא לענינענ. ער איז ניט געשלאָפנ, נאָר געהאַלטנ אינ איינ אַרבעטנ.

דער גרויסער וועלט־פירער האָט זיך אינ זײַנ פּערזענלעכ לעבנ באַנוגנט מיטנ סאַמע ווייניקסטנ.

די נאָענטע פרײַנט אונ כאַווייריִמ זײַנע, אז זיי פלעגנ אים אַמאָל ברענגענ א מאַטאָנע, האָט ער זי באַלד צעטיילט.

ער האָט גערעכנט פאַר ניט נייטיק איבערלאָזנ נאָר פאַר זיך.

מעטעליעוו.

מיר האָט זיך אַלע מאָל געדוכט, אז לענינ לעבט פּראָסט, ווי א קוואַליפיצירטער פאַרהעלטניסמעסיק גוט באַצאָלטער אַר־בעטער. א פּראָסטינקע צעראַטע אפנ טיש, א קלייניקער ענגער עסצימער מיט פּראָסטע טעפּלעכ־בלומענ אפ די פענצטער, א שטרענגער, אָנ קיינ שום באַפּוצונג, שלאָפצימער, א פּראָסטע, קימאַט סאָלדאַטישע געוואַנט־קאָלדרע... אינ אַלצ איז צו זענ די פּראָסטקײַט, סײַ אינ זײַנ קליידונג, אזוי אויכ אינ שוכוואַרג.

אָפט האָט מענ געקאָנט זענ אפ לענינענ פאַרלאַטעטע שיכ, א פאַריכטנ אויסגעריבענעם פּידזשאַק.

יאַראָסלאַווסקי.

## א כאַוועַר

ווענ לענינ האָט זיך דערוווּסט, אז דער אָדער יענער נייטיקט זיך אינ עפּעס־וואָס — פלעג ער שרײַבנ צעטעלעכ, קלינגענ דורכנ טעלעפאָנ אונ טונ, וואָס נאָר מעגלעכ איז, אפ אויסצוהעלפנ דעם נויטבאַדערפטיקנ כאַווער.

מעטעליעוו.

שווער צו געפינענ אינ דער מענטשלעכער געשיכטע איינעם אַזא פירער, וועלכנ זײַנע נאָענטסטע מיטקעמפער זאָלנ אזוי ליב האָבנ.

ניט נאָר פאַשעט געשעצט זײַן מעכטיקן קאָפּ־אפּאַראַט און זײַן אײַזערנע האַנט. נײַן, ער האָט צוגעבונדן צו זיך מיט בינ־טלעך אינטימע פעדעם, ער איז געווען אַן אײגענער, אַ נאָענ־טער, אַ לײַבלעכער. ער איז אין פולן זין געווען אַ כאווער.

בוכאַרין.

## זײַן באַציִונג צו מענטשן

לענין איז געווען זעלטן טאַקטיש מיט יעדן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אים צו איבערצײַגן. ער איז געווען האַרט און אָנראַכמאָנעסדיק מיט יעדן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר אַ סוינע פון דער פּאַרטיי און דער רעוואָליוציע.

ליאַדאָוו.

## וויִאַזוי לענין פּלעג זאָרגן פאַר קינדער

אין די שווערסטע צײַטן פאַר דער סאָוועטנמאַכט, ווען די ווײַס־גוואַרדייִשע סאָנים האָבן ארומגערינגלט אונדזער לאַנד פון אַלע זײַטן, ווען ס'האָט בא אונדז אויסגעבראָכן אַ גרויסער דער־נערונג־קריזיס און מאַנגל אין שפּײַז, האָט וולאַדימיר איליטש געזאָגט:

— מיר, דערוואַקסענע, הונגערן, נאָר דאָס לעצ־טע ביסל מעל, דאָס לעצטע שטיקל צוקער, דאָס לעצטע פּיצל פּוטער וועלן מיר אָפּגעבן די קינ־דער.

און אַלע געדענקען, ווי אין יענע שווערע יאָרן, ווען אַלע האָבן געהונגערט, פּלעגן די קינדער באַקומען אומזיסטע פּראָ-דוקטן: פּוטער, צוקער, אייער און אַנדערע זאַכן.

אונדזער סאָוועטן־רוסלאַנד האָט איין געזעץ וועגן קינדער, וואָס אַזעלכער איז ניטאָ אין קיין שום מעלוכע אָפּ דער גאַנצער וועלט, און מיט וועלכן מיר שטאָלצירן. דאָס איז דער געזעץ, אַז אַ קינד אָדער אַ יונגנטלעכער, וועלכער באַגייט עפּעס אַ פאַר־ברעכן, ווערט ניט איבערגעגעבן אין געריכט און ניט אַרײַנגע־זעצט אין טורמע, נאָר ער ווערט איבערגעגעבן אין אַ קאָמיסיע פון פּעדאַגאָגן, וועלכע דאַרף דאָס קינד אויסבעסערן.

אָט דער געזעץ איז אָנגענומען געוואָרן אַדאַנק וולאַדימיר איליטש לענין.

# לעניג און די קינדער

וולאדימיר איליטש איז שוין אראָפּגעקומען פון אויבן צוזאמען מיט נאדעזשדא קאָנסטאנטינאָוונע און מאריא איליטשנע.

די קינדער האָבן אים ארומגערינגלט און איינער נאָכן אנדערן אים געשטעלט פראגעס.

— אין וואָס וועלן מיר שפּילן? — האָט וולאדימיר איליטשן געפרעגט א זייער לעבעדיק צעניאָריק מיידעלע. — לאָמיר גיכער שפּילן, אניט איז אומעטיק. מיר האָבן אײַך אזוי געוואָלט זען. נו, איז אין וואָס וועלן מיר שפּילן?

— מיר וועלן באלד מאכן א קרײַז, — האָט געענטפערט וולאדימיר איליטש, — מיר וועלן זינגען, און דערנאָך — „אין קאַץ און מויז".

— מאסקים, מאסקים! — האָט פאטשנדיק מיט די הענט פריילעך געשריִען דאָס מיידעלע, און נאָך איר אלע קינדער אין כאָר.

— מאסקים! נו, איז וואָס־זשע, פארוואָס שטייען מיר?.. גיט די הענט... שלעפּ אהער אָט יענע. נו, לעבעדיקער, נעמט זיך אָן, — און אין א רעגע ארום האָט זיך געשאפן א גרויסער קרײַז קינדער.

ס'האָבן זיך ארײַנגעצויגן די דערוואקסענע, און וולאדימיר איליטש האָט זיך געדרייט, און אלע נאָך אים.

— נו, הייב אָן זינגען! וואָס שווײַגסטו? — האָט זיך לעבעדיק געווענדעט וולאדימיר איליטש צו דעמזעלבן מיידעלע. און יענע האָט זיך צעזונגען מיט א גלענצנד פריש קעלכל.

אלע האָבן אונטערגעכאפט די ליד און האָבן זיך צעזונגען...

...וולאדימיר איליטש האָט זיך פארטאָן אין קינדער־יאָנטעוו, האָט זיך פריילעך געמאכט, געלאכט און גוטמוטיק געזונגען צוזאמען מיט די קינדער. מע האָט אים פארוואָרפן מיט פראגעס, און ער האָט יעדן באוויזן צו ענטפערן, געוואָרפן וויצן, שארפזיניקייטן, אלײַן געשטעלט פראגעס, רעטענישן, און מע

האָט זיך נאָר געוווּנדערט, פונוואַנען ווייסט ער עס אַלץ און גע־דענקט אַלץ. אַ געמיינזאַמער געלעכטער האָט זיך פאַנאַנדער־געגאָסן איבערן זאַל.

נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל האָט מען זיך געדרייט און צוזא־מען געזונגען אַ צווייטע ליד. עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן דער אַקאָמפּאַנימענט פונעם קלאַוויר, וואָס האָט אַלעמען דערמוטיקט צום זינגען, און אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך פלינקער און גיכער אינעם פריילעכן קרייז פון די לאַכנדיקע און גליקלע־כע קינדער.

די דערוואַקסענע, וואָס זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן דורך וולאַדימיר איליטשס אָנשטעקנדיקן ביישפּיל, זיינען אויך פאַרכאַפּט געווען פון דער פרייד, געלעכטער־שטראָם, אין די באַוועגונגען און אויסגעשרייען, און פריילעך לעבעדיק און יונג, האָבן אַלע אַריינגעטראָגן, וואָס זיי האָבן געקאָנט, אין דעם אַלגעמיינעם ווינטערדיקן שול־יאָנטעוו.

— נו, און ווען וועלן מיר שפּילן אין „קאַץ און מויז“? וואָס איר האָט פאַרגעסן? — האָט אונטערגעהעצט וולאַדימיר איליטש.

און ווידער האָט זיך געשאַפן אַ קרייז, און ווידער איז ער צווישן די קינדער... קוקט, ווי פאַרכאַפּט ער שפּילט, ניט דורכ־לאָזנדיק דעם קאָטער, פאַרטיידיקנדיק די מויז. ער קוקט אויפ־מערקזאַם, אים ווערט ניט אָפּנאַרן, זיין פאַרטיידיקונג איז פעסט און זיכער, און ער גיט זיך ליידנשאַפטלעך איבער דער שפּיל, און דידאַזיקע ליידנשאַפט גיט ער אויך איבער די קינדער, וועל־כע שפּילן פאַרכאַפּט־זייענדיק.

און מיטאַמאָל האָט זיך באַקומען אַזוי, אַז וולאַדימיר איליטש, וועלכער האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט דידאָזיקע קינ־דער, איז געוואָרן זייער בעסטער פריינט און כאַווער. די קינ־דער האָבן מיט אים געשמועסט פּראָסט און פּאָשעט, געזאָגט אים „דו“, זיך געוויצלט, אים איבערגעשלאָגן, און עס האָט זיך געפילט, אַז ער איז געוואָרן פאַר זיי אַן אייגענער מענטש. זיי האָבן אים אָפּגעשלאָגן פון די דערוואַקסענע, אים אַוועקגע־שלעפּט מיט זיך טרינקען טיי. אים מעכאַבעד זיין, אים געגעבן

אײַנגעמאכטס, און אלע אָנ אויסנאמ האָבנ געוואָלט עפּעס וואָס טונ פאר אימ, אונ ער האָט זיי געגעבנ ניס, אָנגעגאָסנ טיי פונ די הייסע גלעזער אונ אופמערקזאמ נאָכגעפאָלגט נאָכ אלעמענ, פונקט ווי אלע וואָלטנ געווענ פונ זײַנ מישפּאָכע. ער האָט דאָכ אזוי שטארק אונ צוגעבונדנ געליבט קינדער, אונ די קינדער האָבנ דאָס געפילט אונ אימ געענטפערט מיט זייער ערלעכער ליבע, אונ אלע האָבנ געוואָלט זײַנ מיט אימ. וולאדימיר איליטש האָט זיכ גיכ דערוווּסט די נעמענ פונ די קינדער, אונ מע האָט זיכ באדארפט וווּנדערנ, ווי ער האָט די נעמענ ניט געפלאָנ־טערט אונ פארגעדענקט אלעמענ.

מיט די קינדער האָט מענ גאָר ניט געקאָנט טונ. זיי האָבנ אינ־גאנצנ אויסגעקעמפט וולאדימיר איליטשנ פאר זיכ, אימ פארשלעפט אינ די אנדערע צימערנ, אימ געוויזנ דעמ נאטור־אויספאָרש־מוזיי, פייגלענ, מײַז, א קראָליק אונ אלצ, וואָס בא זיי איז נאָר פאראנ געווענ; געוויזנ צײַטונגענ, זייערע זשורנאלנ, וועלכע זיי האָבנ קימאט קיינעמ ניט געגעבנ לייענענ. וולאדימיר איליטש האָט זיכ אזוי פארטיפט אינ זייערע איניאָנימ, פונקט ווי ער האָט זײַנ גאנצנ לעבנ געטאָנ נאָר איינ זאכ — זיכ פארנומענ מיט שול־קינדער.

א. לעפּעשינסקאיא

## צוויי פּענעמער

דאָס איז געווענ שוינ זייער לאנג, ווענ איכ בינ נאָכ געווענ גאָר א קליינ מיידעלע. איכ בינ געווענ איינע אליינ אינ שטוב. איז ארײַנגעקומענ וולאדימיר איליטש מיט א צײַטונג אינ די הענט אונ האָט זיכ אוועקגעזעצט אפ מײַנ בעטל לייענענ. איכ האָב זיכ געזעצט אנטקעגנ אונ געקוקט אפ אימ: דער טאטע פלעג אלעמאָל זאָגנ, אז לענינ אונ מארקס זײַנענ די קליגס־טע מענטשנ. מיר האָט זיכ זייער געוואָלט מיט אימ עפּעס ריידנ, נאָר כ׳האָב ניט געוווּסט וועגנ וואָס. צומ סאָפ האָב איכ בא־קלערט:

— לעניג! א, לעניג!

ער האָט אופגעהויבּן דעם קאָפּ פון דער צײַטונג.

— פארוואָס האָסטו צוויי פּענעמער אפן קאָפּ?

לעניג האָט זיך פארווּנדערט:

— וואָס הייסט צוויי? פארוואָס עפּעס צוויי פּענעמער?

— אָט: אײנער פונפאָרנט און אײנער פונהינטן — און איך האָב אָנגעוויזן אפ זײַן גרויסן פּליך...

לעניג האָט א שמייכל געטאָן און האָט געזאָגט:

— דאָס איז דערפון, וואָס איך טראַכט אסאַך...

## אָ. לעפּעשינסקאיא

# איליטש האָט צוגעקלערט א שײנע שפּיל

אײנמאָל האָט מיך דער טאַטע אַרײַנגעפירט צו לענינען און האָט מיך דאָרט איבּערגעלאָזט. איליטש איז געזעסן בּאַם טיש און געלײענט א צײַטונג. איך בּין אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש און האָבּ זיך געשפּילט מיט קלעצעלעך. הער איך, ווי איליטש בּעט, מ׳זאָל בּרענגען א שיסל מיט וואַסער.

— צו וואָס איז די שיסל? — האָבּ איך א פרעג געטאָן.

— אָט וועסטו בּאַלד זען, — זאָגט איליטש, און ער האָט אָנגעהויבּן צונויפדרייען פון ווײַסן פּאַפּיר קלײנע טרײַבּעלעך.

— און וואָס וועט דאָס זײַן?

— וואַרט, וועסט בּאַלד פאַרשטײן, — מאַכט ער.

אפן טיש האָבּן זיך געוואַלגערט שטיקלעך שאָלעכצ פון ניס. איליטש האָט גענומען עטלעכע שאָלעכצ־שיסעלעך און האָט זיי געלאָזט אפ דער וואַסער, וואָס אין דער גרויסער שיסל. די פּאַפּיר־טרײַבּעלעך האָט ער צוגעמאַכט צו די שאָלעכצ, ווי קלײנע זעגלען — זיי האָבּן אויסגעזען ווי עמעסע שיפעלעך. איליטש האָט א בּלאָז געטאָן, און די שיפעלעך האָבּן גענומען שווימען...

— נו, — זאָגט ער, — איצט שפּיל זיך! — און האָט זיך ווידער גענומען צו דער צײַטונג.



3 — 1333

# ווער האָט מײַן הענטשקע געכּובֿעט

וולאַדימיר איליטש לענינען האָב איך דאָס ערשטע מאָל דער־זען אין קרעמל אין זייער אַ פּראָסטיקן טאָג. ער איז געגאַנגען איבערן קרעמל, ריידנדיק עפּעס מיט אַ פּרוי. זײַן פּאָנעם פּראָס־טיק־פּאַרבלאָזן, און דער קראַגן איז געווען אויפגעהויבן. דער פּראָסט איז געווען זייער אַ גרויסער, און וולאַדימיר איליטשן איז געווען קאַלט, ווײַל דער פּעלץ, וואָס איז געווען אויף אים, איז געווען ניט קיין זייער וואַרעמער. ווען איך האָב אַ קוק גע־טאָן אויף אים, האָט זיך מיר אויסגעוויזן זײַן פּאָנעם זייער באַ־קאַנט, פּונקט ווי כ׳וואָלט אים זען אַלע טאָג. נאָר איך האָב אויף קיין פאַל ניט געקאָנט דערמאָנען זיך, ווער קאָן עס זײַן. צו פֿון דעם, וואָס איך האָב אים זייער אויפמערקזאַם באַקוקט, צי איבער אַוועלכע ניט איז אַנדערע סיבעס, נאָר ער האָט אַ שמייכל געטאָן צו מיר. איך בין געגאַנגען ווײַטער, באַטראַכטנ־דיק, ווער האָט עס געקאָנט זײַן. נאָר הינטער דער פּלייצע האָב איך דערהערט פּלוצלינג זײַן שטים: „מיידעלע, דאָס האָסטו אַ הענטשקע פאַרלאָרן?" איך האָב זיך אויסגעדרייט און דערזען, אַז ער שטייט און האַלט אין די הענט מײַן הענטשקע. איך בין גיך צוגעגאַנגען צו אים און צוגענומען די הענטשקע. „וולאַדימיר איליטש, וואָס זײַנט איר דאַרטן אָפּגעשטאַנען?" — האָט געזאָגט די פּרוי, וואָס איז געגאַנגען מיט אים.

„וולאַדימיר איליטש" — האָב איך איבערגעכאַזערט. — „וולאַדי־מיר איליטש לענין" — האָט אַ פינקל געטאָן אין מײַן מויעך, און מיר איז געוואָרן אַזוי אַנגענעם, וואָס וולאַדימיר איליטש האָט צו מיר געשמייכלט און זיך אָנגערירט אָן מײַן הענטשקע. איך האָב אָנגעטאָן די הענטשקע אויף האַנט און באַהאַלטן די האַנט אינעם פּעלץ.

וו. טאַמסקי

# מיט לעניגען אין אויטאָמאָביל

איך בין געווען אַף אַ זיצונג אין וו״צספ״ס[1]). ס׳איז געשטאַנען אַ וויכטיקע פראַגע, און מע האָט געבעטן, איליטש זאָל קומען. די זיצונג האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט באַנאַכט. איליטש האָט זיך שוין געקליבן אַוועקפאָרן. דער טאַטע איז צוגעגאַנגען צו אים און האָט אים געבעטן, ער זאָל מיך אויך מיטנעמען אַהיים[2]).

— מיט פאַרגעניגן וועל איך מיטנעמען דעם קליינעם פּראָפעסיאָנאַליסט, — האָט לענין געענטפערט.

מיר האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל און אַוועקגע־פאָרן. לעניגל פוט וויליטש געשוויגן, כאַפנדיק אַלע מאָל אַ קוק אַף מיר. דורכפאָרנדיק פאַרביי אַ טעאַטער, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— ביסט געווען אַמאָל אין דעם טעאַטער?

— ניין, ניט געווען.

— איך בין אויך ניט געווען.

דערווייל זיינען מיר דורכגעפאָרן דורך אַ גאַס, וועלכע איז געווען באַפּוצט מיט פיל בילדער (ס׳איז געווען נאָך דעם יאָנ־טעוו פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע).

— ווי געפעלט עס דיר? — פרעגט בא מיר איליטש.

— ס׳געפעלט מיר ניט, — זאָג איך. — און אייך געפעלט עס?

— ניין, און, דעם עמעס זאָגנדיק, פאַרשטיי איך ניט, וואָס איז דאָ אָנגעמאָלט.

דעם גאַנצן וועג האָבן מיר אַזוי געשמועסט. ווען מיר זיינען צוגעפאָרן אַהיים, זיינען מיר שוין געווען „כאַווער“.

שפּעטער, באַגעגענענדיק זיך מיט איליטשן, ווען ער פלעג שפּאַצירן, האָב איך ניט געוואַגט זיך מיט אים גריסן, רעכע־נענדיק, אַז ער האָט מיך שוין פאַרגעסן. נאָר ער, באַמערקנדיק מיך, פלעג זיך מיט מיר גריסן.

---

[1]) דער צענטראַלער ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין מאָסקווע.

[2]) דעם יינגעלס פאָטער איז געווען דאַן דער פאָרזיצער פון וו״צספ״ס און האָט געוווינט אין קרעמל.

וו. ק—וו

# פעטער וואָלאָדיאַ

אונדזער קאָלאָניע איז געווען ניט ווײַט פון מאָסקווע.

לעבן פלעג אָפט קומען אהער צו פאָרן און האָט ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט אונדז. ער האָט געוווּסט, אַז אונדז האָט זיך זייער געוואָלט האָבן אַ פוטבאָל־פּילקע.

איינמאָל איז דער פעטער וואָלאָדיאַ — אַזוי האָבן מיר אים גערופן — געקומען צו פאָרן און איז באַלד טאַקע אַוועק צו אונדז אין פאַרק.

— דער פעטער וואָלאָדיאַ איז געקומען! געקומען! געקומען! דער פעטער וואָלאָדיאַ! הור־ראַ!!! — האָבן מיר אויפגעהויבן אַ געשריי און האָבן זיך גענומען לויפן צו אים.

ער איז געגאַנגען מונטער, די הענט האָט ער געהאַלטן פאַרלייגט אונטער זײַן רעקל, און אַף אונדז האָט ער געקוקט קלוג, די אויגן קוים־קוים פאַרזשמורעט. אַלעמען האָט זיך זייער געוואָלט אים דערלאַנגען אַ האַנט, נאָר דער פעטער וואָלאָדיאַ האָט זיך ניט געגריסט. ער האָט פּלוצים געווענדעט זײַנע אויגן צו איינעם אַ ווײַטן קוסט און זאָגט מיט אַ דערשראָקן קאָל:

— איר לויפט דאָ אַרום, און בײַ אײַך האָט זיך אַ בער באַוויזן.

— ווו? ווו? ווו?

— אָט דאָרט, אין קוסט.

מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט. פּלוצים האָט זיך עפּעס אַ שאָר געטאָן אין קוסט, און ס׳האָבן אַ שאָרך געטאָן די בלעטער.

מיר האָבן געוווּסט, אַז קיין בערן זײַנען דאָ נישטאָ, אַז דאָס איז נאָר אַ פּרייליכער אײַנפאַל, און האָבן זיך געלאָזט לויפן צו דעם קוסט.

ביז מיר האָבן זיך דאָרט געפּאָרעט מיט פרייד און געשרייען אַרום דעם קוסט און האָבן אַרויסגעקריגן די פוטבאָל־פּילקע, איז זיך דער פעטער וואָלאָדיאַ שטילערהייט אַוועק צום שטוב. ער איז געגאַנגען און האָט די גאַנצע צײַט ליב זיך אַרומגעקוקט אַף אונדז.

ו. ק—ו.

# צו לענינען נאָך א פוטבאָל-פילקע

דאָס איז געווען אינ 1920 יאָר אינ קרעמל. איך האָב דאָרט געוווינט אונ האָב באזוכט די שול, וואָס אפנ נאָמען פונ סאָוונארקאָם. זומער האָבנ מיר זיך געקליבנ פאָרנ אינ קאָלאָניע, אונ אונדז האָט זיך זייער געוואָלט האָבנ א פוטבאָל־פילקע. אָבער אונדזער שול־ראט האָט ניט געהאט קיינ מיטלענ דערופ. מיר האָבנ באשלאָסנ זיך ווענדנ צו איליטשנ אונ האָבנ געהאָפט, אז ער וועט אונדז ניט אָפזאָגנ, ווייל אונדזער שול איז געווענ אפנ נאָמענ פונ סאָוונארקאָם. בא דער כעוורע איז באלד געוואָרנ א סימכע, דאָס הארצ האָט אָנגעהויבנ טאנצנ פאר פרייד, אונ די אויגנ האָבנ אָנגעהויבנ גלאנצנ.

נאָר ווער וועט שרייבנ דעם בריוו? די קינדער האָבנ פאָרגעלייגט, איך זאָל שרייבנ, ווייל איך בינ דער עלטערער אינ קלאס. איך האָב מאסקים געווענ צו שרייבנ, אויב די קינדער וועלנ מיר דיקטירנ. אינ 15 מינוט ארום איז דער בריוו געווענ פארטיק.

נאָך די לימודים זיינענ מיר אוועק צו איליטשנ. באם ארייַנגאנג איז געשטאנענ א רויטארמייער אונ האָט אונדז אינ קאַבינעט ניט ארייַנגעלאָזט. מיר האָב געלאָזט בא אים דעם בריוו, ער זאָל איבערגעבנ וולאדימיר איליטשנ.

אייניקע פונ אונדז האָבנ געזאָגט: „ער וועט זיך דענ פארנעמענ מיט אזעלכע קלייניקייטנ? ער האָט גענוג וויכטיקערע איניאָנימ". זיי האָבנ אפילע געלאכט פונ אונדז: „סייווי וועט דערפונ גאָרניט ווערנ"... אינ צוויי טעג ארום קומט אָנ אפנ נאָמענ פונ אונדזער שול־ראט דאָס בריוול, וואָס מיר האָבנ איבערגעגעבנ איליטשנ, מיט א רעזאָלוציע פונ דעם כאווער לענינ.

עטלעכע ווערטער: „אינ מאגאזינ פונ „פור"[1]. ווי מעגלעך זענ באפרידיקנ די באקאָשע פונ די קינדער.

פאָרזיצער פונ סאָוונארקאָם וו. אוליאנאָוו (לענינ)".

---

[1] „פור" — פאָליטישעסקאָיע איפראוולעניע רעספובליקי (ПУР) — אנ אנשטאלט, וועלכער פארנעמט זיך מיט דער בילדונג אונ אופקלערונג פונ דער רויטער ארמיי.

אונדזער אלעמענס אויגנ האָבנ זיכ צעפלאקערט, ווענ מיר האָבנ דערזעג לעבינס האנטשריפט. מיר האָבנ דאָכ אלע אזוי געווארט מיט אומגעדולד אפ זײַנ ענטפער! ס׳איז שווער צו באַשרײַבנ דאָס גליק, וואָס מיר, די קינדער פונ שולי, האָבנ אינ דער מינוט איבערגעלעבט.

אפ מאָרגנ איז געגאנ א דעלעגאציע פונ אונדזערע קינדער מיט איליטשס רעזאָליוציע אינ מאגאזינ פונ „פור", אונ זיי האָבנ געבראכט א גוטע לעדערנע פוטבאָל־פילקע.

## קינדערשע שפּילעכלעכ

אפנ III קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ האָט וולאדימיר איליטש דערזעענ א פינלענדישנ כאווער, מיט וועלכנ ער האָט זיכ באקאנט אינ העלסינגפאָרס אינ יענע טעג, ווענ איליטש האָט זיכ אויסגעבאהאלטנ פונ קערענסקיס שפּיקנ. וולאדימיר איליטש האָט געדענקט, אז בא דעמ כאווער איז דאָ א ייִנגעלע.

ער געדענקט אימ גאָר א קלייניטשקנ, פונ 3 יאָר, ווי ער האָט פריילעכ געלאכט, ווענ ער (איליטש) האָט זיכ מיט אימ געשפּילט. דער כאווער האָט דערציילט, אז איצט איז דאָס ייִנגל שויג אלט 7 יאָר, נאָר ער איז זייער אומעטיק. די מוטער איז געשטאָרבנ, אונ ער בענקט זייער נאָכ איר.

וולאדימיר איליטש האָט ארויסגעכאפּט פונ פּאָרטפעל זײַנ נאָטיצ־ביכל אונ האָט עפּעס פארשריבנ.

אינ א שטיקל צײַט ארומ האָט דער פינלענדישער כאווער באקומענ א פּעקל מיט אנ אופשריפט: „פונ דעמ כאווער לענינ". ער איז געווענ זייער פארוווּנדערט: וואָס קאָנ עס זײַנ? אונ ער איז אפגיכ אוועקגעלאָפנ אהיימ צעעפענענ דאָס פּעקל. זעט ער... קינדערשע שפּילעכלעכ: אנ אווטאָמאָביל, א האַרמאט אונ נאָכ הילצערנע צאצקעס, וואָס וולאדימיר איליטש האָט צוגעשיקט זײַנ ייִנגעלע, ער זאָל זיכ שפּילנ אונ ניט זײַנ אומעטיק... אפנ קאָנגרעס, ווו לענינ האָט אָנגעפירט מיט די ארבעטער פונ אלע לענדער, האָט ער אויכ ניט פארגעסנ זײַנע קליינע באקאנטע.

# צו איליטשן צו גאַסט

אַ האָרקער פֿויער, טשוווינ׳נ, דערציילט:

— זיץ איך מיר אַמאָל אָפּ דער הרעבליע באַם טײַכל „טורע״ און כאַפּ פֿיש.

הינטער מיר קומט אָן איליטש, גריסט זיך און קוקט.

ס׳האָט זיך אַ טוק געטאָן דאָס פֿעדערל. אַ צי, אַרויסגעשלעפּט! — אַ געזונטער פֿיש...

— ווויל! — זאָגט איליטש און לאַכט. — אָט דאָרט טוקט זיך אויך באַ דיר! — און ער ווײַזט אָן אָפּ דער צווייטער ווענטקע.

— ווײַז, — זאָגט ער, — איך וועל אַרויסשלעפּן.

— נו, — זאָג איך, — ביטע, מיט גרויס פֿאַרגעניגן, וולאַדימיר איליטש, קנאַק!

ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן מיר באַם ברעג, און די אַרבעט איז באַ אונדז אַוועק אין צוויי הענט.

שלעפּט איליטש אַ פֿיש נאָך אַ פֿיש, זעצט אַרויף ווערעמלעך אָפּן האַטשיקל — אַ כ׳יעס צו קוקן, כ׳ילעבן!...

און די יאַטלעך האָבן דערשמעקט, אַז זייער „גוטער ברודער״ כאַפּט פֿיש, האָבן זיי זיך באַלד אָנגעהויבן צונויפֿקלײַבן, ריידן און טומלען (און אַז ס׳איז אַ ראַש, שווימען אַוועק די פֿישלעך).

כ׳האָב זיי געוואָלט אָנדרייען אַביסל די אויערן, נאָר איליטש האָט ניט געלאָזט:

— נו, — זאָגט ער, — גענוג. זיך פֿאַרווײַלט אַביסל. איצט וועל איך שוין גיין אַהיים. און די קינדער די אויערן טאָר מען ניט רײַסן, איך וועל זיך פֿאַר זיי אָנעמען, דאָס איז אונדזער קומענדיקע שטיצע. קומט, — זאָגט ער, — קינדער, צו מיר, איך וועל אײַך מעכאַבעד זײַן מיט טיי.

די גאַנצע כאַליאַסטרע איז פֿריילעך אַוועק צו איליטשן צו גאַסט.

# איך האָב געזען לענינען

(דערציילט פון א מאָסקווער ייִנגעלע)

לענינען האָב איך געזען איינמאָל אפן רויטן פּלאַץ.
דעמאָלט איז געווען א מילכאָמע מיט פּוילן. לענין האָט גערעדט וועגן דער מילכאָמע.
איך געדענק, אז טויזנטער מענטשן האָבן געוואַרט אף אים.
איך האָב זיך דורכגערוקט צו דער טריבונע אינאיינעם מיט אנדערע. עלטערע אַרבעטער האָבן מיר אלץ פאַרשטעלט, און איך האָב גאָרנישט ניט געזען, נאָר א שטיקעלע בלויער הימל האָט זיך געזען איבער מײַן קאָפּ.
מיטאמאָל האָט מען אָנגעהויבן שרײַען.
— איליטש, איליטש! בראַוואָ, איליטש! לעבן זאָל כאַווער איליטש!
איך האָב זיך געסטאַרעט אַרופקריכן אף עפּעס, נאָר אַרום איז גאָרנישט ניט געווען. מע האָט מיך געשטופּט. איך האָב אזש אָנגעהויבן וויינען, אזוי האָט זיך מיר געוואָלט זען לענינען. האָב איך זיך אָנגעטשעפּעט אָן אן אַקסל פון איינעם אן אַרבעטער, מײַן פּוס האָב איך אַרײַנגעשטעקט אין זײַן קעשענע און אַלייניק בין איך אַרופגעקראָכן אף זײַן פּלייצע, ווי אף א פערד.
איך האָב געמיינט, אז דער אַרבעטער וועט מיך באַלד אַראָפּשלײַדערן פון זיך. נאָר ניין. „א, דו שייגעץ איינער״,—האָט ער נאָר געזאָגט און האָט מיר געהייסן, איך זאָל זיך שטאַרק האַלטן אָן זײַן האַלדז. איך בין מיטאמאָל געוואָרן העכער פון אַלעמען אף צוויי קעפּ, און איך האָב דערזען וולאַדימיר איליטשן.
ער איז געגאַנגען צו דער טריבונע. די אַרבעטער האָבן פאַר אים געמאַכט א וואַרע.
איך האָב זיך זייער געוווּנדערט, וואָס לענין גייט אָן א וואַך. קוים וואָס ער שטופּט זיך דורך דורכן עולעם.
דעם קייסער פלעגן באַוואַכן סאָלדאַטן און זשאַנדאַרן, און לענין גייט רויִק דורך דעם האַמוין, שמייכלט און זשמורעט זיך פון דער זון.

ער האָט זיך אופגעהויבן אפ דער טריבונע. ער האָט גע־טראָגן א שווארצן קאָסטיום, א העמדל מיט אן אָפגעלייגטן קאָלנער מיט א שניפּס, אפן קאָפּ א קעפּקע. ווען ער האָט זיך אופגעהויבן אפ דער טריבונע, האָט ער פון קעשענע ארויסגע־נומען א ווײַס טיכעלע און האָט אויסגעווישט דעם שטערן און דעם פּליך.

די זון האָט זיך געשפּיגלט, ווי א ליכטיקער פלעק, אפ זײַן קאָפּ. איך געדענק ניט, וואָס לענין האָט געזאָגט. איך האָב נאָר געקוקט, ווי ער האָט גערעדט.

אָפט גיט ער זיך נידעריק א בייג פון דער טריבונע ארויס, ציט אויס די הענט פאָרויס, האלט דאָס טיכעלע און ווישט אָפּ דעם גרויסן שטערן. אָפט שמייכלט ער. איך האָב עפּעס געוואָלט כאפּן זײַנע אויגן, נאָר דאָס האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן. איך האָב באקוקט זײַן גאנצן פּאָנעם, די נאָז, די ליפּן, דאָס קליינע בערדעלע. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז בא לענינען איז זייער א פּאָשעט פּאָנעם. איך האָב געמיינט צו זען עפּעס אן אומגעווייגלעכן מענטשן, ערשט איך האָב דערזען א גאנץ פּראָסטן, פּאָשעטן מאן.

לענינס רעדע האָט מען אָפט איבערגעריסן, ווײַל מע האָט זייער אָפט געפּאטשט „בראוואָ" און געשריִען „הורא".

איך האָב אויך געשריִען און מיט גרויסע אויגן געקוקט אפ אילייטשן.

נאָר אָט האָט לענין געענדיקט. מע האָט נאָך שטארקער אָנגעהויבן פּאטשן מיט די הענט, מע האָט געשריִען, געזונגען.

דער ארבעטער, וואָס האָט מיך אפ זײַנע האלדז געהאלטן, האָט מיך אראָפּגעלאָזן אפ דער ערד. איך בין אוועק אהיים.

אפן וועג האָב איך אלץ געכאזערט:

„לענין, לענין, לענין".

לעבן יעדער פּאָרטרעט לענינס האָב איך זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב געקוקט און געוועזן אזוי צופרידן, וואָס איך האָב גע־זען לענינען א לעבעדיקן.

---

# מיט לענינען אפֿן גליטש

געווען איז עס ווינטער דעם 1920 יאָר.

איך האָב זיך געשליטלט אראָפּ־באַרג באַם קרעמל.

זיצנדיק אין שליטל, האָב איך זיך פֿײַל־אויסן־בויגן אראָפּ־געלאָזט צום סאַמע עק באַרג, ווו איך האָב פּלוצים אָן עפּעס זיך אָנגעקלאַפּט און בין ארויסגעפֿלויגן פֿון שליטל אפֿן שניי. ליגנדיק מיט דער נאָז אראָפּ, האָב איך באַ זיך געטראַכט: אָן וואָס האָב איך זיך עס געקאָנט אָנקלאַפּן?

פּלוצים האָט עמעצער איבער מיר אָנגעהויבן לאַכן און דער־נאָך מיך גענומען אופֿהייבן.

איך האָב זיך אופגעהויבן און דערזען, אַז דאָס שליטל איז אוועק אָן אַ זײַט, און לעבן מיר שטייען צוויי מענטשן, און קוקנדיק אפֿ מיר, לאַכן זיי ביידע.

איינעם האָב איך דערקענט, ס׳איז געווען לענין. איך האָב אים געזען דעם 1 מײַ אפֿ כאָדינקע, ווו איך בין געווען מיטן טאַטן. ער האָט דעמאָלט אָנגערופֿן מײַן קליינע נאָז „קנאָפּקע".

— אַ גוטער אײַך! דאָס זײַנט איר? — האָב איך אויסגעשריִען, קוקנדיק אפֿ איליטשן.

זײַנע אויגן האָבן פּלוצים אופגעהערט זיך צו זשמורען, נאָר ער האָט נאָך אַלץ געשמייכלט און אײַן פֿאַרלעגנהײַט געקוקט אפֿ׳מיר. פֿאַרזשמורענדיק דערנאָך דאָס לינקע אויג, האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן:

— פֿונוואַנען קענסטו מיך?

— פֿאַראַיאָרן, אפֿ כאָדינקע, האָט איר מיך דאָך גערופֿן זיך שפּילן צו אײַך, אַ?... סמירנאָוון, די „קנאָפּקע", געדענקט איר ניט?

— אָט דאָס ביסטו? באַ, באַ, באַ — אויסגעוואַקסן אַביסל! איז וואָס־זשע ביסטו ניט געקומען צו מיר? און ווו־זשע איז די „קנאָפּקע" דײַנע? (די נאָז מײַנע, הייסט עס).

— איך בין דערפֿאַר ניט געקומען... כאַ־כאַ־כאַ, — האָב איך זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט, זיך אַלײן איבערײַסנדיק, — דאָס בין איך עס אפֿ אײַך אַזוי ארופֿגעפֿלויגן? אַ־האַ.

ווּלאַדימיר איליטש לאַכט אויך.

— כ׳גיי זיך ווידער שליטלען, קומט, מירן זיך ארָאָפּשליט־לען אינײנעם.

— נו, ווילסט, איך זאָל דיר דאָס שליטעלע דײַנס צעבּורעכן?

— ס׳איז ניט מײַנס. נו, זאָל זײַן אזוי! קומט שפּילן אין כאַ־פּערלעך. איר׳ט מיך כאַפּן?

— נו, לויף!

איבּערלאָזנדיק דאָס שליטל, האָבּ איך א יאָג געטאָן איבּערן סעדל, לעניןּ נאָך מיר.

— כ׳וועל דעריאָגן, וועל דעריאָגן,—האָט לעניןּ מיר נאָכגע־שריִען און געלאַכט.

איך בּין געפלויגן מיטן גאנצן קויעך. לעצכאטכילע האָבּ איך געהערט זײַן נאָכיאָגן נאָך מיר.

נאָכדעם איז אלץ שטילער געוואָרן הינטער מיר.

כ׳האָבּ זיך אָפּגעשטעלט און א קוק געגעבּן: ס׳איז קײנער אין סעדל ניט געווען. בּאַם בּארגפוס איז מײַן שליטעלע גע־שטאנען.

— ווו־זשע איז וולאדימיר איליטש? וואָס קאָן עס זײַן? נאָר וואָס איז ער דאָך מיר נאָכגעלאָפן?

איך בּין אוועק צוריק און געטראכט:

— וואָס קאָן עס זײַן? געווען דאָ לעניןּ און—ניטאָ אים. און נאָך אײנער איז מיט אים געווען. פארשווּונדן. אזא מײַסע.

טראכטנדיק אזוי, בּין איך צוגעגאנגען צום שליטעלע און גענומען זיך בּארג־ארופּ מיט אזא געפיל, ווי איך האָבּ עפּעס פארלאָרן און וועל שוין דערפאר האָבּן מײַן ערלעך אויסקו־מעניש.

— וווּהין בּיסטו עס אוועק?—האָבּ איך דערהערט הינטער זיך.

איך האָבּ זיך גיך אויסגעדרייט און דערזען איליטשן. ער איז געשטאנען לעבּן בּוים און געקוקט אף מיר. איך האָבּ זיך געלאָזט צו אים לויפן.

— ווו זײַנט איר געווען? וווּהין זײַנט איר אהינגעקומען?—האָבּ איך אים פארשאָטן מיט פראגעס.

— כאַ־כאַ־כאַ,—האָסטו מיך, הײסט עס, פון אויג פארלאָרן און געלאָזט זיך שוין גײן אהײם? און איך שטיי זיך אונטערן

בוים און קוק, וואָס דו טוסט, און וויל וויסן, צי דו וועסט מיך זוכן, לאָזטו זיך גאָר גיין אהיים.

איך האָב געקוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן אף לעניבען און זיך עפּעס ניט גוט געפילט.

— א, איך האָב געמיינט, אז איר זייַנט אוועק אהיים, — האָב איך זיך פאַרענטפערט.

איליטש האָט זיך ווידער צעלאַכט און געזאָגט עפּעס צו דעם, וואָס איז געשטאַנען. יענער האָט זיך אויך צעלאַכט.

איך האָב ווידער גענומען קוקן אף וולאַדימיר איליטשן און ניט־ווילנדיק צעלאַכט זיך, אַליין ניט־וויסנדיק פאַרוואָס.

— נו, שפּילן מיר אין כאַפּערלעך? — האָט לענין געפרעגט.

— גוט, נאָר אצינד לויפט איר, און איך וועל אייַך כאַפּן.

— זאָל זייַן אזוי.

האָבן מיר זיך ווידער געלאָזט לויפן. אָט־אָט כאַפּ איך אים שוין, וויל אים שוין א פּאַטש טאָן, דרייט ער זיך אויס, און מייַן האַנט בלייַבט אינדערלופטן.

איך בין שוין געהאַט אראָפּגעפאַלן בא זיך, איז בא אים פּלוצים אראָפּ א קאַלאָש פון עם פוס.

— אורא, געפּאַקט! — האָב איך אויסגעשריען, אופהייבנדיק דעם קאַלאָש.

— נו, זאָלסטו לאָזן גריסן דעם טאַטן דייַנעם מיט דער מאַמען און גיב איבער, אז דער טאַטע זאָל דיך נעמען צו מיר. און קום אַליין אויך, האָב קיין מורא ניט.

— גוט, — האָב איך געענטפערט, און מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט.

ס׳האָט מיר אזוי פאַרדראָסן אפן אומבאַקאַנטן מענטשן: צוליב וואָס האָט ער געדאַרפט זאָגן, אז ס׳איז שוין צייַט צו גיין אהיים? פּלוצים האָב איך לעבן סאַמע אויער דערהערט א הודען, איך בין אָפּגעשפּרונגען אָן א זייַט און נאָכגעקוקט דעם אוועקיאָגנדיקן אווטאָמאָביל.

---

הירש אָרלאַנד

# א גאַסט

באַם ראַנד פֿון א שטיל־שאָרכנדיקן סאָסנע־וואַלד, באַם ברעג פֿון א שטייענדיק וואַסער איז א ליימיק שטיבעלע געשטאַנען.

אָן א שײַער און אָן א פּלויט — אָפֿן דעם ווינט פֿון אַלע זײַטן.

שטילע דרויסנס פֿלעגן צום שטיבעלע דערטראָגן א פֿאַר־טויבטן גערויש פֿון א ווײַטן וואַסערפֿאַל, שטורעם־נעכט ווינ־טערדיקע פֿאַרפֿירן אַמאָל א פֿאַרבלאָנדזעטן פּוסגייער אָפּ אי־בערנעכטיקן.

א שטיל לעבן האָט דאָרטן זיך געשפּינען. שטיל זײַנען צוויי קינדערלעך געוואַקסן אינעם שטיבעלע:

יאָהאַן און מאַרקאַ.

דער פֿאָטער, א שווײַגנדיקער קאַרעל, איז א פֿישער געווען.

די מוטער פֿלעג פֿירן אָפּ א קליינע האַנט־וועגעלע די פֿיש פֿאַרקויפֿן אין שטאָט אַרײַן, אַזוי זיך א ווערסט דרײַסיק, קיין פּעטערבורג.

ביז זי פֿלעג אין שטאָט זיך זאַמען, איז דער פֿאָטער אין שטוב פֿאַרבליבן אָפּ היטן די קינדער און היטן דאָס פֿײַער אין אייוועלע, אין א ווינקל אָפּ די בענק זיך געלעגן און געפּיפּקעט שווײַגנדיק זײַן ליולקע.

אין שווײַגעניש און מיט פֿיש־דרויב האָבן די קינדער זיך דערצויגן.

אין 14־טן יאָר, אַז די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט מען דעם פֿאָטער פֿאַר א סאָלדאַט צוגענומען. א שלעכטע צײַט אָנגעקומען. אָפּ דער קליינער מאַרקאַן האָט מען די שטוב פֿאַר־לאָזט, און די מוטער מיט יאָהאַנען פֿלעגן אין וואַלד טרוקענע צווײַגן קלײַבן און אינצווייען אָפּן האַנט־וועגעלע א פֿאָר בינט־לעך האָלץ אין שטאָט, קיין פּעטערבורג, שלעפּן.

האָט מען זיך אזוי דורכגעלעבט.

אין העכער א יאָר ארום, אום ווינטער, איז דער בריווטרע־גער אפ גליטשערס אָנגעפאָרן און אן אָפן בריוול געבראַכט. אפ איין זײַט בריוול איז געשטאַנען מיט געדרוקטע אויסיעס: „געזונט און שטארק, איך לאָז אײַך אלע גריסן און קוש אײַך, אײַער ליבער". און אפ דער צווייטער זײַט איז דער אדרעס גע־ווען אָנגעשריבן און א שטעמפל באַדערזײַט: קריגס־שיף „וויכער".

איז א זומער אָנגעקומען און פארגאַנגען, א טריבער הארבסט האָט לאַנג געשלעפט זיך און דערנאָך א ווינטער א ביי־טערער.

דעם ווינטער איז מארקא א שטיק צײַט שלאָף געווען. עפּעס איינמאָל האָט מען אין שטאָט פארשפּעטיקט, איז זי פארנאַכט אַנטקעגן ארויסגעלאָפן, א באָרוועסע אפן שניי, האָט זי זיך צו־געקילט. די שלאָפע האָט פון זיך ניט אָפּגעלאָזט. האָט יאָהאַן מיט דער מוטער זיך בײַטן געמוזט—איין מאָל איז יאָהאַן אין וואלד נאָך האָלץ געגאַנגען און אין שטאָט עס געפירט, די מוטער—דאָס צווייטע מאָל.

סאָף ווינטער האָט יאָהאַן, וואָס איז דעמאָלט אין שטאָט מיט האָלץ געווען, אפ צוויי טעג פארשפּעטיקט. ניטאָ און ניטאָ.

אז יאָהאַן איז געקומען, האָט ער דערציילט:

— עפּעס טוט זיך אין שטאָט. מענטשן דרייען זיך, ווי ווער־נען אין א קרוג וואסער. אין רויטס איז די שטאָט אײַנגעטונ־קען, ווי ווײַנשטאָק ווילדער סאָף זומער, און מ'זינגט. אפ אלע גאַסן זינגט מען.

— מ'שיסט? — פרעגט די מוטער.

— מ'שיסט.

האָט די מוטער יאָהאַנען אין שטאָט אופגעהערט שיקן. זי פלעג אים איבערלאָזן מיט מארקאַן און אליין שוין פירן דאָס האָלץ פארקויפן.

— די שטאָט, — פלעג זי די קינדער דערציילן, — רוישט ווי א וואלד אין א שטורעם־נאַכט. מ'שיסט, שיסט. ס'פול די שטאָט מיט מאַטראָסן. און, ווי צו זיך ריידנדיק, פלעג זי שטיל פאר־

ענדיקן, — מאטראָסן זײַנען אַלע גלײַך אָנגעטאָן, שווער א מענטשן צו דערקענען.

אין מיט־זומער איז זי איינמאָל אין שטאָט אוועק מיט א פול אָנגעלייגט וועגעלע האָלץ און זיך שוין מער ניט אומגעקערט.

א טאָג אוועק און נאָך א טאָג. א גאַנצע וואָך אַזוי.

יאָהאַן רײַסט זיך אין שטאָט אַרײַן, נאָר מאַרקא לאָזט ניט. וויינט און לאָזט ניט.

אַז אין שטוב איז דאָס עסן אויסגעגאַנגען, האָט שוין מאַר־קא ניט געהאַט וואָס צו זאָגן. זי האָט אים נאָר אונטערגעפירט א שטיק אין וואַלד אַרײַן און טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, אַז ווען ער וועט קומען אין פאָרשטאָט און זען, אַז ס'ניט גוט, זאָל ער זיך באַלד אומקערן. טאָמער די מא — —

נאָר יאָהאַנען האָט שוין דאָס וואַלד־געדיכטעניש פאַרהוילן.

אַז יאָהאַן האָט זיך אומגעקערט, האָט ער מאַרקאַן דערציילט, אַז אין שטאָט איז שטיל. זינגען זינגט מען שוין ניט אין די גאַסן, ערגעץ שיסט מען נאָר.

---

אין דעם יאָר, אין 17־טן, אין א זומער־פאַרנאַכט איז יאָ־האַן פונעם שטאָט אָנגעקומען און מאַרקאַן דערציילט, אַז אין שטאָט זינגט מען שוין ווידער.

זיצן זיי אַזוי ביידע אין דרויסן באַם פאַרהוקערטן פענצ־טערל און קײַען ברויט מיט עפּעס.

ס'זעצט זיך א רויטע זון אינמיטן וואַלד אַרײַן, ציט זיך א ווײַטער נעפּל איבער דער ערד, און פון ערגעץ ווײַט־ווײַט הערט זיך דער טויבער גערויש פונעם וואַסערפאַל.

האָט יאָהאַן דער ערשטער דערזען:

פון וואַלד האָט א מענטש זיך באַוויזן, זיך פאָרזיכטיק אַרומ־געקוקט און צום שטיבל זיך געלאָזט. די אויגן האַלב־צוגעמאַכטע, נאָר דער ברייטער, אָפענער שטערן, ווײַזט זיך אויס, זעט דעם וועג — דער מענטש גייט גלײַך און פעסט.

אַז מאַרקא האָט אים באַמערקט, איז ער שוין גאָר נאָענט געווען. ער איז צוגעגאַנגען צו די קינדער און רויק, מיט א ליבן שמייכל א זאָג געטאָן.

— גוטנאָוונט, קינדער.

די קינדער זײַנען געזעסן מיט אָפענע מײַלער, מיט נאָך ניט־צעקײַטן ביסן אין מויל. זיי האָבן אים ניט געענטפערט.

דער פרעמדער, מיט דורכדרינגנדיקע אויגן, מיט א גוט־מוטיקן שמייכל אפן פּאָנעם, האָט איבערנעכטיקן בא זיי גע־וואָלט.

האָבן די קינדער אין גידעריקן, פארכווישעכטן שטיבל אים ארײַנגענומען, אונטערגעוואָרפן עטלעכע טרוקענע צווײַגן אין אייוועלע, און אז דער פלאקער האָט א זעץ געטאָן און באלויכטן דעם ארום, האָבן די קינדער דעם גאסט אן אָרט אָנגעוויזן אפ זיך זעצן. אינעם ווינקל אפ די נעצן, ווו זייער פּאָטער פלעג ליב האָבן ליגן, האָבן זיי אים אָנגעוויזן.

באם אייוועלע איז יאָהאן געזעסן, אין פלאם זיך פארקוקט. מארקא האָט אין א טונקל ווינקל צווישן די טעפּלעך זיך פארשלאָגן.

— קינדערלעך, ווו איז טאטע־מאמע?

דערפילט זיך יאָהאן עפּעס מאָדנע. פּאָטעריש האָט די פרא־גע פונעם ווינקל זיך דערהערט.

האָט דאָס קינד א כליפּע געטאָן. דאָס שווערע לעבן קינדער־שע האָט זיך אָנגערופן, דער גרויסער עלנט דאָ אין שטיבעלע. .

— אפ דער מילכאָמע, דער טאטע? ער וועט צוריק קומען, אינגיכן קומען.

גלויבט זיך אזוי אין די ווארעמע ווערטער פונעם גאסט.

האָט זיך מארקא פון איר ווינקל שטיל ארויסגעשארט:

— פעטער, און די מאמע?

ס׳געווענדט אין גאסט. וועט דער גאסט זאָגן, אז זי וועט קומען, וועט זי געוויס קומען.

דעם גאסטס ברייטער, אָפענער שטערן איז אין קנייטשן אײַנגענומען. אפ די נעצן זיצנדיק, האָט ער א לײַכטן רודער זיך געטאָן. די אויגן האלב־פארמאכט, און דער גראָוולעכער קאָפּ אָן א זײַט, אפ א האנט אָנגעשפּארט.

דאָס פײַער צאנקט אין אייוועלע. דער גאסט זיצט אלץ אזוי. זיצט און רירט זיך ניט.

מוירעדיק איז דאָס שטילקײַט אין שטיבעלע. האָבן די קינ־דער אפּן אײַוועלע זיך פֿאַרקליבן און אײַנגעשלאָפֿן.

באַנאַכט האָט אַ ווײַטער פּײַף אַ רויער די קינדער פֿונעם־שלאָף צעבורקעט. דערהערט האָבן זיי, ווי דער גאַסט אין אײַ־לעניש שלעפּט אַרויס דעם טיר־פֿאַרוקער און פֿון שטיבעלע אַרויס.

אַ שטילער פֿאַרצויגענער פּײַף—און גיכע טריט האָבן זיך גענומען דערווײַטערן.

אַף די נעצן איז זײַן איבער־רעקל געבליבן. צי פֿאַרגעסן, צי אַזוי.

---

האָט דער האַרבסטיקער רעגן גענומען ווייקן די סטעליע. שטיקט דער רויך אין שטיבעלע—נאַסע צווײַגן טליען קוים און ווילן ניט ברענען.

— מאַרקאַ, מירן גיין אין שטאָט אַרײַן. מירן דאָ ווינטער אומקומען.

— יאָנע...

מיטן ערשטן פֿרעסטל האָבן זיי זיך אוועקגעלאָזט.

יאָהאַן שלעפּט קוים אַף זיך זײַן פֿאָטערס אַלטן בורנעס, מאַרקאַ איז אינעם גאַסטס איבער־רעקל פֿאַרוויקלט.

מ׳האָט זיי אין שטאָט אין אַ קינדערהיים אַרײַנגענומען.

צוויי ווילדע וואַלד־בײַעלעך. נײַגעריקע, האָבן זיי זיך אַרומגעבלאָנקעט די טעג איבער די גרויסע צימערן פֿונעם קינדער־הויז.

זיי באַקוקן און באַשמעקן אַלץ, ווי צוגעלערנטע מײַ־זעלעך.

איינמאָל אַפּדערנאַכט פֿאַרן שלאָפֿן האָט מאַרקאַ יאָהאַנען אין אַ זײַט אוועקגערופֿן, שטיל און סוידעסדיק אים אײַנגע־רוימט:

— האָסט אים געזען, יאָהאַן?

— אין גרויסן צימער, אונדזער גאַסט, איך האָב אים גלײַך דערקענט, יאָהאַן.

און מאַרקאַ, אַן אויפֿגעלעבטע, האָט אויסגעמאָלט:

די אויגנ זײַנע, ווי דעמאָלט, געדענקסט אפדערנאכט, פאר־זשמורעטע, א גרויסער, גרויסער שטערנ. דער מיטלסטער הענגט ער דאָרט צווישנ די בילדער.

די קינדער האָבנ זיך ניט אײַנגעשטעלט דערציילנ, וואָס פאר א גאסט האָט בא זיי, אינ ליימיקנ שטיבעלע באם וואלד, א נאכט איבערגענעכטיקט.

כאָטש געוווסט האָבנ זיי שוינ דעם נאָמענ זײַנעם— לענינ.

---

פ. זאמויסקי

(ייִדיש י. ק.)

# א בריוו לעניִנען

1

בא פארפעגען, פראָשקעס טאטן, איז די נויט געבאָרן געוואָרן מיט א יאָר צען, און עפּשער נאָכמער, פריִער פאר אים. ווער ווייסט זי, די נויט, ווען בא וועמען זי ווערט געבאָרן, אָבער פּרווו אָקאָרשט פון איר שפּעטער פּאָטער ווערן!

געוווּסט האָט פראָשקעס טאטע, אז זייַנע גאנצע יאָרן לעבט ער ניט, ווי לייַט לעבן, און האלט זיך אין איין מאטערן.

וואָלט כאָטש דידאָזיקע נויט אוועלכן ניט איז פאָנעם געהאט, זי וואָלט גערעדט, זיך באוועגט, דעמאָלט איז גרינגער צו שטרייַטן, דעמאָלט וואָלט פארפען, כאָטש פון נאטור ניט קיין שלעכטער מענטש, געגעבן איר אין די ציינער אריַין, צי וואָס,—איז זי אָבער ניטאָ. מע זעט זי ניט.

און וואָס האָט שוין פראָשקעס טאטע מיט איר ניט געטאָן—נעדאָוועס געבעטן, די טשערעדע געפיטערט, ארומגעשלעפּט זיך אַפּ ארבעט—א נעכטיקער טאָג: זי טרעט ניט אָפּ, און גיי טו איר עפּעס!

איינמאָל אין האלבער נאכט, האָט ער אפילע פרעמדע גארבן פון פעלד געוואָלט צוגאנוועגען,—שוין דאָס פערדל אייַנגעשפּאנט און די מאסע אוועקגעלייגט,—איז ניין, דאָס הארץ האָט ניט דערלאָזט.

טפו! פראָשקעס טאטע איז אַפּ צאָרעס.

די נעגידים פון דאָרף—וואָס ארט זיי!—לאכן זיי אָפּ:

— היי, נויט, א פולע ברויט?

— הער נאָר, נויט, ווידער ליגט בא דיר דאָס פערדל אונטערן פלויט און קראצט מיטן פוס דעם בויך!

— נויט, ווער א פאסטעך!

— גיי מיט דער טאָרבע!

די נעגידימ לאכנ אָפּ, פּארפעג צו זיי:

— כאפּט אײַך דער רוּעך!

— ס'וועט קומענ א „צײַט"!.. ווארט, ווארט!

איינ טרייסט איז בא פּראָשקעס טאַטנ. ס'וועט קומענ א „צײַט". וואָס איז עס פאר א „צײַט", ווענ וועט זי קומענ, פונ־וואנענ—האָט קיינער ניט געוווּסט, אונ פּארפעג אליינ האָט אויך ניט געוווּסט. פרעגט מענ—שווײַגט ער. דאָס הארצ זאָגט אימ, אז זי וועט קומענ, אונ אלצ וועט אוועק אפּ אנ אנדער אויפנ.

פּראָשקע איז א יאטל מיט אויסגעגלאָצטע אויגנ. די אויערנ—ווי ווײַזערס, אפּ ארופּ, די נאָז—ווי א פײַג, אונ אליינ—קליינ־ווּוקסיק.

— ווענ־זשע וועט עס זײַנ, טאטע?

— ס'וועט זײַנ, ווארט נאָר צו.

פּראָשקע האָט געוווּסט: דאָס וועט זײַנ דעמאָלט, ווענ ער, פּראָשקע, וועט אויסוואקסנ א גרויסער, ווענ אוועקגייג אינ שטאָט, וועט ווערנ אנ עלטערער אָנגעשטעלטער אינ א געשעפט ערגעצ אונ וועט העלפנ דעמ טאַטנ. דאָס וועט זײַנ די „צײַט".

הייסט עס, דארפ מענ ווארטנ.

פּראָשקע האָט געווארט, אונ דער סטארשינא האָט באוויזנ פאר שטײַערנ די בעהיימע צוצונעמענ. אונ אינ רעכטנ פארזיי איז דאָס פערדל געפּייגערט.

פּראָשקע האָט געוויינט אונ מיט טרערנ אינ די אויגנ גע־טײַנעט:

— גיי לעבּ אפּ דער וועלט.

פונ די ברידער פונ פּראָנט—ניט מע הערט אונ ניט מע זעט זיי, די ברידער. וואָס דארפנ זיי: האָט אופגעקליבנ די מאמע אביסל טראנטעס—אונ פאָר געזונט אפּ קאזיאָנעמ ברויט. אָבער וואָס זאָל, נעבעך, טונ פּראָשקע, אז זײַנ טאטע האָט זיך גאָר אנידערגעלייגט א קראנקער?

— דו ביסט דער באלעבאָס!

יאָ, נישקאָשע פונ א באַלעבאָס! אימ איז דאָכ אינגאנצנ
נײַנ יאָר, ער דארפ נאָכ איבערנ גאס ארומבריקעווענ, אונ ער
קנײַטשט שוינ די ברעמענ, רעדט, ווי א גרויסער.

---

אײנמאָל איז פונ וואָלאָסט געקומענ צו רײַטנ א קוריער אונ
גלײַכ צומ סטאראָסטעס שטוב. איז ארויסגעלאָפנ דער סטאראָס־
טע, האָט צונויפגערופנ די דעסיאטניקעס, אונ פלינק האָט זיכ
לעבנ סטאראָסטעס שטוב צונויפגעקליבנ דאָס גאנצע דאָרפ.

וועד ס'האָט געלײענט א צײַטונג, אנדערע האָבנ געשריִענ.

דערנאָכ האָט פראָשקע געזענ, ווי דער גאנצער אוילעמ האָט
זיכ א לאָז געטאָנ איבערנ גאס, אונ געווענ זײַנענ אלע לוסטי־
קע אונ פרײדיקע. אונ דערהערט האָט פראָשקע אנ אומבאקאנט
וואָרט: „רעוואָליוציע".

לאנג האָט גערעדט דער לערער, פאָכענדיק מיט די הענט,
נאָכ לענגער האָט געשריִענ דער שרײַבער.

געשריִענ האָט מענ וועגנ דעמ, אז אינ מאָסקווע איז א רע־
וואָליוציע, אז איצטער געהערט די גאנצע ערד — דעמ פאָלק,
די מאכט — דעמ פאָלק, אונ די פריצימ — געבנ אינ קארק.

פראָשקע האָט ניט באנומענ דידאָזיקע ווערטער, אָבער אײנ
זאכ האָט ער פונ דעמ פארשטאנענ:

„ס'איז געקומענ אָט דידאָזיקע... צײַט... געקומענ".

אונ פראָשקע האָט זיכ דעמאָלט ארײַנגעגאָסנ אינ אוילעמ
מענטשנ, דערנאָכ האָט ער זיכ דורכגעשפארט פאָרויס אונ איז
אוועק מיט די רויטע פענער איבערנ דאָרפ.

„רעוואָליוציע!"

2

וויפל האָט זיכ פראָשקע אָנגעזענ אינ דידאָזיקע דרײַ יאָר —
איז ניט אויסצודערצײלנ! דעמ סטארשינא מיטנ אוריאדניק האָט
מענ פונ דאָרפ ארויסגעטריבנ. די באלעגופימ האָט מענ אינ
שטאָט אוועקגעפירט, פערד האָט מענ מאָביליזירט. אינ דאָרפ
זײַנענ סאָלדאטנ מיט ביקסנ אָנגעפאָרנ. נאָר די הויפט־זאכ —
אלע טאָג פלעג מענ מיט די הענט א מאכט אויסווײלנ.

אופגעהויבן אינדערהייך — איינ מאכט. א צווייטנ מאָל אופ־געהויבנ — א צווייטע.

כאָטש א גאנצנ טאָג שטיי אונ הייב, אונ יעדער מאָל וועט א נײַע מאכט זײַנ.

אונ דאָ איז אהיימ געקומענ פונ פראָנט סטעפּאנ, וואָס דער אוריאדניק האָט אימ פריִער געהאלטנ איינ איינ שלעפּנ אינ שטאָט אריַינ.

אפנ קאָפּ — א שפּיז, אפנ גארטל — א שפּיז, אפ דער ביקס — א שפּיז, אונ אפנ היטל — א שטערנ. א רימענ איבער דער גאנצער פּלייצע, ווי א לייצע, אונ אפנ רימענ:

„פּופּ!... דערלאנגסט א בורזשוי?.. אונ א סאָפּ מיט אנ עק"...

טאָגטעגלעכ פּלעג ער צוגויפּקלײַבנ אנ אוילעמ אונ מיט אלע קויכעס אלצ געשריִענ, ווי עמעצער וואָלט אימ באליידיקט. אונ געשריִענ האָט ער ווענגנ בורזשויענ, וועגנ רעוואָליוציע, וועגנ לעניִנען אונ וועגנ באלעגופימ.

פראָשקענ איז אָבער שווער אפנ הארצנ. כאָטש מע האָט ארויס־געטריבנ פונ קאָמיטעט דעמ קרעמער מיטנ סטאראָסטע פונ קלויסטער, כאָטש מע האָט אוועקגעזעצט אנ אַרעמאנ, פונדעסט־וועגנ איז שווער. געזענ האָט פראָשקע, אז ארומ איז, דוכט זיכ, אלצ עפּעס גאָר אנדערש — די מענטשנ האָבנ זיכ געביטנ, די הײַזער, אונ ער אליינ, פראָשקע, איז קליגער געוואָרנ, אונ אָט זי, די נויט דעמ טאטנס, איז נאָכ פארבליבנ, פונ איר ניט ארויס־צוקריכנ. אונ פראָשקע האָט מיט איר ניט געקאָנט ראנגלענ זיכ, זײַנ טאטע האָט אויכ ניט געקאָנט אונ איז געבליבנ אָנ קויכעס.

אונ ניט געוואָלט האָט דער טאטע פאָרנ מיטנ פּעטער קוזמא אינ פּריצישנ מאיאָנטעק רײַסנ אײַזנס פונ די סקלאדעס, אונ ניט געוואָלט האָט ער ברענגענ א ייִכעסדיק קעלבל אפ האָדעווענ.

ווי קומט ער, אנ אונטערגעריסענער, צו שלעפּנ אנ אײַזער־נעמ אקער!

א שלימאזל איז זײַנ טאטע. אָט איז שוינ באלד ווינטער, אונ ער ליגט אלצ אפנ אויווג אונ קרעכצט.

— וועסט אסאכ ברויט אָנקרעכצנ?

מיט א שטריק דעם בויך ארומגעדרייט.

— דו ביסט באַלעבאָס!

— יאָ, גוט צו ריידן — איך בין באַלעבאָס! איך בין דאָך א פּיזשיק!

גיין, פּראָשקע איז ניט קיין פּיזשיק. פּרוּוו אים, אָקאָרשט, ארויסטרײַבן פון סטעפּאנס שטוב, ווו די פּויערים קלײַבן זיך צונויפ־יעדן טאָג.

סטעפּאן פלעג אים אָנלערנען:

— פּראָשקע, ס'איז געקומען די צײַט. דו דארפסט זײַן מיט וואָנצן. לייג צו קאָפּ אין די איניאָנים און הער.

און די מאמע אינדערהיים פלעג טײַנען:

— דער טאטקע איז א זויערניש, א שלאָפּמיצל. זע, זאָלסט כאָטש ניט זײַן געראָטן אין אים. זײַ א מענטש, שטעק די נאָז אהין, ווו אלע שטעקן. ווען מען א שנעל טון, טאָ ניס זיך אויס, צעלאך זיך און שטעק ווײַטער; וועט מען א צווייטן מאָל א שנעל טון — רוק זיך אָפּ אביסעלע.

אין ראט רעדט מען וועגן קאָלערליי זאכן. וועגן באָלשעוויקעס רעדט מען אסאך.

און ווען עמעצער פון די דאָרפישע באָלשעוויקעס פלעג כאַפּן א טרונק סאמאָהאָן און צו דעם נאָך א כאווער טון זיך מיט די נעגידים, פלעג זיך פּראָשקע קאעסן.

— וועמעס מאכט?

— דעם אָרעמאנס.

— אהא, דעם אָרעמאנס? טאָ שטעל זיך אײַן פארן אָרעמאן און ניט פירט קיין קאָמפּאניעס מיט די באַלעגופים. צוליב וואָס טרינקט איר? פארוואָס קוקט איר אפּן אָרעמען מיט דער פּאָטיליצע?

אָט אזוי פלעג ער אלעמען איבעראשן, אדורכנעמען און אוועק צו סטעפּאנען.

3

סטעפּאנען פלעג פּראָשקע הערן מיט אן אָפן מויל און פלעג ניט דורכלאָזן קיין איין וואָרט.

פּראָשקע איז געווען א גראמאַטנער און פלעג נעמען בא סטעפּאנען צו עטלעכע גיכלעכ מיטאמאָל. אייגמאָל איך אן אָוונט האָט סטעפּאנ דערציילט פּראָשקען וועגן לענינען.
— און דו האָסט אים געזען? — האָט פּראָשקע געפרעגט.
— אפילע גערעדט מיט אים.
— וועגן וואָס, אפ טשיקאווער, האָסטו גערעדט?
— וועגן ערד פאר די פּויערים.
— נו־נו?
— פּויערים און ארבעטער זײַנען אייגס, די מאכט איז זייערע.
— זאלץ, סכוירע וועלן זיי געבן?
— אלצ וועט זײַן.
און מיט פּאַשעטע ווערטער האָט סטעפּאן דערציילט פּראָש־קען, אזויווי אלע פּויערים, וועגן דעמ, וואָס עס האָט אלעמען געקוועטשט...
איז דאָך פּראָשקע אויך א פּויער, און ער איז דער באלעבאָס.
דער טאטע ליגט אפן אויוון און קרעכצט, די פיס אפ דער ערד אראָפּלאָזן קאָן ער ניט: קיין קויעך ניטאָ.
איז ווען פּראָשקע פלעג זיצן בא סטעפּאנען, פלעג אים זײַן אזוי גרינג און פריידיק. אָבער ווי נאָר ער פלעג קומען אהיימ, פלעג ווידער ווערן שווער.
פּראָשקעס באלעבאטישקײַט האָט גענומען כאָרעוו ווערן, גע־גאנגען צום גרונט, און צוזאמען מיט דער באלעבאטישקײַט — אויך פּראָשקעס לעבן. און ניט זעלטן פלעג פּראָשקען פאר־קוועטשן איך הארצן, און א ברענענדיקער ווייטעק פלעג עסן די געדערעמ. די אויגן פלעגן אופלויפן פון טרערן. און דאָ פלעג נאָך דאָס קליינוואַרג ליארמען און בעטן ברויט, און די מאמע פלעג וויינען און טרײַבן אימ מיט גרישקען אפן גאס בעטן נעדאָוועס.
איך איינע צוויי כאדאָשימ האָט געטראָפן פּראָשקען צוויי אומגליקן: געשטאָרבן סטעפּאן פון א ווונד איך ברוסט, און פון טובערקוליאָז האָט זיך די מאמע אנידערגעלייגט א קראנקע. פּראָשקע האָט זיך א לאָז געטאָן צו שכייניִמ, צו קרויוויִמ, צו באקאנטע. אָבער די שכייניִמ האָבן קיין ברויט ניט געגעבן.

די קרויווים זײַנען געווען דיזעלביקע אָרעמקײַט, וואָס פּראָשקע. און די באַקאַנטע זײַנען שוין לאַנג געוואָרן אויס באַקאַנטע.

און עפּעס איינמאָל איינאָוונט האָט זיך דער טאַטע צעויקעט, צעקרעכצט, און די מאַמע האָט זיך צעכליפּעט, ארומגענומען דאָס קליינוואַרג און זיך צעוויינט מיט א ניגון. דאָס קליינוואַרג האָט זיך צוגעטוליעט צו איר, מיט די פּויסטעלעך געריבן די אויגן און אַלץ געבעטן זיך, אז זי זאָל ניט יאָמערן אזוי, און אז זיי „דאַרפֿן גאָר קיין ברויט ניט".

בא פּראָשקען האָבן אָנגעהויבן ציטערן די ליפּן. פאַר די אויגן האָבן זיך צעטאַנצט רויטע רעגנבויגנס. ער האָט זיך פאַרטײַעט אין א ווינקל און שטילערהייט געפּיבערט מיטן גאַנצן קערפּער. און די מאַמע האָט זיך געשאָקלט אפן בעט און געטײַנעט מיטן זעלבן ניגון:

— און ווע־ער וועט אונדז הע־ע־עלפֿן ?.. און ווע־ער וועט אפּ אונדז ראַכמאָנעס האָ־אָ־אָבן ?..

און קיינער האָט דער מאַמען ניט געקאָנט ענטפערן...

דעמאָלט האָט זי אָנגעהויבן יאָדען דעם טאַטן אפן אויוון:

— א שטיק ליים ביסטו, א שטיק ליים! א שלאָפּמיצל און א זויערניש. א בעזלידניק — האָסט דאָך מוירע פאַר מענטשן. א לעבן אז איך מאַטער זיך מיט דיר. וואָלט איך כאָטש גיכער שוין פּאָטער געוואָרן פון מײַן לעבן!

און פון דידאָזיקע ווערטער האָט דער טאַטע נאָך שווערער געויקעט און געקרעכצט. הוסטנדיק, פלעג ער פאַרשטיקט כליפּען און מיט די ברודנע אַרבל רײַבן די אויגן, אָנגעשוואָלענע פון טרערן.

פּראָשקע האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז אוועקגעלאָפן אין ראַט. אפן וועג האָט ער געזונקען, ארײַנגעפאַלן קעסיידער אין הרודעס שניי און געבּרענט זיך די הוילע פּיאַטעס מיטן שטעכיקן שניי.

אין ראַט איז, פאַרשטעקט די נאָז אין די פּאַפּירן, געזעסן ז׳ער סעקרעטאַר.

פּראָשקע האָט א קוק געטאָן אפּ אים, ס׳איז אים געוואָרן פאַרדראָסיק, דערמאָנט זיך אָן סטעפּאַנען. ער האָט געוואָרפן א

בליק אפ די פּאַפּירלעך, וועלכע זײַנען געווען אָנגעקלעפּט אפ די ווענט, און האָט באַמערקט, אַז עס זײַנען בא זיי אַרומגעריסן די קאַנטן.

„אַפּ פּאַפּיראָסלעך" — האָט פּראָשקע אַ טראַכט געטאָן.

ווען ער איז אַרויס פון ראַט, האָט אים ווידער אונטערגע־כאַפּט די זאַווערוכע.

לאַנג האָט זיך פּראָשקע אַ פאַרשנייטער, אָן קיין שום גע־דאַנקען, אַרומגעשלעפּט איבערן דאָרף. ער האָט אַליין ניט גע־וווּסט צוליב וואָס גייט ער און וואָס זוכט ער. דורכגעפּראָרן ביזן ביין אַרײַן, האָט ער באַמערקט, אַז ער איז צוגעגאַנגען צום שטוב. אַלע זײַנען שוין געשלאָפן. ער האָט אָנגעצונדן דעם קוירניק, וואָס האָט גלײַך געוואָרפן צו דער סטעליע אַ סאַזשע־רויכל, און צוגעזעצט זיך צום טיש.

אפן טיש האָט זיך געוואַלגערט אַ סקאָרינקע, וואָס עמעצער האָט געקראָגן, און אַ קענדל וואַסער.

נאָך דער סקאָרינקע האָט אין בויך נאָך מער געדרייט, און דער קאָפּ איז אַוועק כאָדאָראָם. אַ טרונק געטאָן וואַסער, האָט ער דערפילט, אַז עס איז גרינגער געוואָרן. אָנשפּאַרנדיק זיך מיט די עלנבויגן אין טיש, האָט זיך פּראָשקע פאַרטראַכט.

און אין געדאַנק איז אויפגעשווומען סטעפּאַן מיט זײַנע מײַ־סעס וועגן לעגינען... און פּלוצלינג האָט אַ זודיקער געדאַנק אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ. ס'האָט אָנגעהויבן קלאַפּן אין די שלייפן. די הענט האָבן געציטערט, און — ווונדערלעך! — ס'איז געוואָרן אויסערגעוויינלעך ליכטיק און פריידיק.

— יאָ, לעגינען.

אונטערן פענצטער האָט, ווי פריִער, געוויעט, געקרעכצט, גערוישט, און אין קוימען האָבן געיאָמערט טרויעריקע ווײַ־געשרייען.

— יאָ... ס'איז אָבער אַ מוירע...

די האַנט האָט אַ ציטער געטאָן און האָט זיך אויסגעצויגן צום זעקל מיט די ביכער.

אין פיבער האָט ער אַרויסגענומען אַ העפט, אַ בלײַקע, צוגע־הערט זיך, צי מע שלאָפט, און פאַנאַנדערגעלייגט אַלץ אפן טיש.

פון פרייד און שרעק איניינעם האָט ער א ויפּצ געטאָן און ארויסגעפּירט:

„צום פּעטערל לעניגען“

א טרייסל געטאָן די קודלעס און אנטשיידן —

„פון פּראָשקען“.

„דאָס שרייַב איך דיר, פּעטערל, איך, פּראָשקע, פּארפּענ דודקינס זון. דו ווייסט דאָרטן, אין שטאָט, און איך מאַטער זיך מיטן טאטן דאָ אין דאָרף. און די מאמע ליגט קעסיידער און אויקעט, און קיין ברויט איז בא אונדז אינגאנצן ניטאָ, און מיר האָבן ניט וואָס צו עסן, און די נעגידים גיבן אונדז ניט. די מאמע האלט אונדז אין איין טרייַבן אפּ דער אייגענער גאס נעדאָוועס קלייַבן, און דער טאטע אונדזערער, פּארפּען רופט מען אים, — האָסט עפּשער געהערט, — האָט אלץ צו טון מיט זייַנע כאלאסן. ער איז בא אונדז אזא מין צעבראָכענער, און דאָס גאנצע לעבן גייט ער אום אייַנגעהויקערט. איצטער גייט ער שוין ניט, נאָר ער ליגט.

דו האָסט דאָרטן, פּעטערל, ווייס איך, אָנגעזאָגט, אז מע זאָל אונדז געבן ערד — האָט מען זי אונדז געגעבן, דאָס איז אן עמעס, אָבער ס׳איז עפּעס אָן א טאָלק. דאָס פערדל איז דאָך בא אונדז פארן סאמע פארזיי שוין לאנג געפּייגערט. אזוי איז עס געוועזן א גאָרנישט, און איצטער איז דאָס אויך ניטאָ. מיר האָבן ניט קיין פערדל און ניט קיין בהיימע, און וואָס וועלן מיר טון — ווייסן מיר אליין ניט“.

פּראָשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט. די אויגן האָט אים פארצויגן א נעפּל, ער האָט זיך צעכליפּעט און מיט טרערן:

„מיר איז שווער, פּעטערל, אָט ווי שווער! מיר איז ערשט 12 יאָר, און גיי פיר א באלעבאטישקייט. אונדזער געזינד איז א גאנצע כאליאסטרע, און אלע בעטן ברויט. וואָס טוט מען — הייב איך ניט אָן צו וויסן. די ברידער זייַנען אפּן פראָנט. מייַן גאנצע האָפענונג איז נאָר אפּ דיר. און דערפאר שרייַב איך דיר טאקע.

און נאָך שרײַב איך דיר אָט וואָס: איך זע דיך אָפט אינ סאָוועט אפנ בילד. דו ביסט א פליכעוואטער, אונ דאָס בערדל איז בא דיר ניט קיינ גרויס, אונ איינ אויג איז אביסל צוגעזשמורעט.

אָט וואָס, פעטערל לעבינ: אויב מע וועט דיך אָפלאָזנ, אָדער דו וועסט זיך אליינ אָפבעטנ, טאָ קלײַב אויס א צײַט צו הארבסט צו אונ קומ צו פאָרנ צו אונדז אינ דאָרפ. ווינטער פאָר ניט: דאָס דאָרפ אונדזערס איז ווײַט פונ א שטאָט, אונ אויב דו וועסט פאָרנ אינ שליטנ, וועסטו געווויס פארקילנ זיך אָדער אָפפרירנ די הענט מיט די אויערנ. ווי דו וועסט קומענ, איז גלײַך צו אונדז. בא אונדז איז אפילע קיינ סאמאָוואר ניטאָ, נאָר מיר וועלנ שוינ קריגנ, מיסטאמע וועלנ די שכיינים געבנ. אָט די שטוב, זעסטו, איז בא אונדז א כוישעכדיקע, נאָר דו וועסט זיך ווי ניט איז אײַנאָרדענענ. וועסט קומענ,—וועל איך דיר אסאך־אסאך אײַנרוימענ אינ אויער. איך ווייס שוינ וואָס. צײַטנווײַז זיצ איך אזוי אליינ אונ טראכט אונ טראכט. ריידנ איז דאָ ניטאָ מיט וועמענ, דער טאטע איז א שווײַגער, די מאמע האלט זיך אינ איינ זידלענ.

פונדאנענ אפ דער סטאנציע וועלנ מיר דיך אָפפירנ אפ א וואָגנ. איך אליינ וועל דיך אָפפירנ אפ עמעצנס א פור, אונ ס׳קאָנ זײַנ, אז דער פאָרזיצער זאָל געבנ א פור. וועט ער ניט געבנ, וועל איך שפעטער עמעצנ אָפארבעטנ פארנ פערד.

עפעס זע איך דיך, פעטערל, אָפט אינ כאָלעמ. וואָס איז עס? דו גלויבסט מיסטאמע אינ כאלוימעס, אונ איך גלויב ניט. נעכטנ האָט מיך די מאמע געזידלט: „האָסט מיר שוינ, זאָגט זי, געמאכט א לאָך אינ קאָפ מיט דײַנ לעבינענ. טו צו אימ טפילע, עפשער וועט ער דיר כאָטש א פונטל זאלצ צושיקנ. דו, פעטערל, האָב אפ איר קיינ פארייבל ניט, זי איז דאָך א פינצטערע, ניט קיינ פארשטאנדיקע, קיינ גראמאָטע האָט זי קיינמאָל ניט געלערנט“.

אין בעט האָבן זיך אָנגעהויבן שטורכען די כעוורע. איינער האָט עפּעס א מורמל געטאָן, אין וויגעלע האָט זיך פאַנאַנדער־געוויינט דאָס קינד.

ס׳האָט זיך אופגעכאַפּט די מאַמע.

פראָשקע האָט אָפּגעלייגט דעם בריוו און זיך אריינגעטאָן אין א בוך.

די מאַמע האָט א הייב געטאָן די שלעפעריקע אויגן:

— וואָס טוסטו דאָרטן?

— איך לייען.

— די צווייטע האָנען קרייען שוין. לייג זיך שלאָפן.

— באַלד וועל איך זיך לייגן.

די מאַמע האָט צוגעמאַכט די אויגן, פראָשקע האָט פאָרגעזעצט:

„איי־איי, צאָרעס! ס׳איז קענטיק, שוין טאַקע שפּעט. נו, איז אָט וואָס: קום צו פאָרן! מיך וועסטו גיך געפינען. בא מיר איז גרויסע אויערן אזעטיקע, כ׳בין א קליינינקער. טאָמער וועסטו ניט קאָנען אויסקלייבן זיך, שיק א בריוו. מיר וועלן זיך מיט דיר דורכשרייבן. שרייב וואָס מער. כ׳וועל אלץ פאַנאַנדערקלייבן.

אָט וואָס, פעטערל, — דאָס זאָג איך דיר אפן אויער, — בא מיר אין קאָפּ איז איינס: כ׳וועל אויסוואַקסן א גרויסער, וועל איך זיך פארשרייבן אין פארטיי און וועל זיך שלאָגן מיט דער גויט — דאָס איז א בורזשוי.

מיין אדרעס: דאָרף סאָבאָלעווקע, טשעמבארקער אר־יעזד. פּענזער גוב. פאַרפען דודקינס זון — פראָשקען.

קום צו פאָרן. איך וואַרט. אָט.

געשריבן און אופגעשטעלט פאַר דיר

פ ר אָ ש ק ע“.

ער האָט עטלעכע מאָל אָפּגעטעמט מיט דער איינגעפאַלע־נער ברוסט, דורכגעלאָפן דעם בריוו, עפּעס אויסגעמעקט, אריינ־געשריבן, געמאַכט פון פּאַפּיר א קאָנווערט, צוגעשאָטן סאַזשע אין טינטער, אויסגעמישט און שוין מיטן פען אָנגעשריבן:

„א י ן  מ אָ ס ק ו ו ע,  פ א ר  ל ע נ י נ ע ן“.

אינדערפרי האָט ער אריַנגעוואָרפן דעם בריוו אין פּאָטשט־קעסטל, גרינגער אָפּגעאָטעמט, געקומען צו לויפן אהיים און אָנגעהויבן ווארטן.

ער איז געווען זיכער, אז דער פעטער לענין וועט אומבאַדינגט אים ענטפערן. ער האָט דאָך אין בריוו דעם גאנצן עמעס אויסגעשריבן, די גאנצע נעשאָמע ארויסגעלייגט.

„ער וועט ענטפערן!"

און... א נעס! פון אזא נעס האָט בא פראָשקען אָנגעהויבן קלאפּן אין הארצן. ער האָט די פיס ניט געפילט אונטער זיך, ווען מע איז געקומען רופן אים מיטן טאַטן אין סאָוועט.

— א פּאפּיר פאר איַיך פון לענינען.

אין ראט איז געשטאנען א מענטש אין א לעדערנעם רעקל. ער האָט שמייכלענדיק איבערגעלייענט:

ר.ס.פ.ס.ר.
פּאָרזיצער פון פאָלק־קאָמי־
סארן־ראט
מאָסקווע, קרעמל
26/XII 1920

דעם טשעמבארער אויעזד־אויספּירקאָם, פּענזער גוב.

איך בעט ווענדן די סאמע ערנסטע אופמערקזאמקיַיט אפ דער אומגליקלעכער לאגע פון פויער אין דאָרף סאָבאָלעווקע דודקין פּארפען. גיט אים ארויס פון סאָבעז קליידער און א פערד, ווי א רויטארמייער. פון אויעזד־ערדאָפּטייל לאָזט אָפּ האָלץ, פון אויעזדישן דערנערונג־קאָמיטעט — ברויט.

זיַין זון, פּראָקאָפּי, שיקט אין א שטאָטישער שול פון דער ערשטער שטופע אפ מעלוכע־מיטלען. ווענדעט אויך שטרענגע אופמערקזאמקיַיט אפ דער אופירונג פון דער אָרטיקער מאכט און אפ איר באציִונג צו די אָרעמע. וועגן אויספילן מעלדן מיר.

פּאָרזיצער פון ראטפאָלקאָם
וו. אוליאנאָוו (לענין).

4

אז פראָשקע איז שוין געווען אין שטאָט, פלעג ער נאָך די לימודים אין שול קעסיידער קוקן און ניט געקאָנט זיך אָנקוקן אפן בילד פון טיַיערן פעטער לענין. און פלעג ווער ניט איז

נעמען ריידן וועגן לענינען. פלעגן, זיך בא פראָשקען פאנאַנ־
דערציִען די אויערן, ער פלעג איינגאַנצן רויט ווערן און
פלעג זיך איינזויגן מיט די אייגלעך אין דעם, וואָס פלעג
ריידן. דאָס האָט מען דאָך גערעדט וועגן אים, וועגן פעטערל,
וועגן אים, וועגן גוטן און ווילן לענינען, וואָס ער נעמט זיך אָן
און העלפט די אָרעמע, און פאַר אים וועט ער, פראָשקע, דאָס
גאַנצע לעבן אָפּגעבן. וואָס איין לעבן! אפילו צען לעבנס! —
אַלץ וועט ער אָפּגעבן!

# לעניג וועט קומען...

1

אמאָל איז דאָס געווען. ס'איז געזעסן א סאָלדאט לעם אײַזנ־באַנ־בײַדל. געקומען איז ער אָנטרינקען זיך. געטרונקען האָט ער פּיל, דעם אויסגעמאטערטן קאָפּ אָנגעגעצט — א ברודנער, פארשוויצטער. דעמאָלט איז א שיסערײַ איבערן וואלד געווען — עס טוט א קנאל, און עס צעטראָגט זיך דער אָפּהילך, אזש די נעפּלען ווערן צעזעצט און די ערד הייבט אָן שוויצן...

דער סאָלדאט איז געווען געראָטן אין איוואנקען, וואָס איז ניט צוריקגעקומען פון פראָנט. אוועקגעפאָרן איוואנקע, געשיקט א בריוו, אלעמען א גרוס געשיקט און ניטאָ ביז היינטיקן טאָג. עפּשער וועט ער נאָך קומען... פּונקט אזעלכע אויגן, ווי בא איוואנקען, האָט דער סאָלדאט געהאט. פּונקט אזעלכע גרײַזע־לעך אפּן קאָפּ. זאָגט דער סאָלדאט צו איליקן, אז עס איז שוין אים אלץ נימעס געוואָרן, אז מע דארף ארבעטן פאר זיך, וואָרעם אלץ איז כאָרעוו.

— לעניג וועט אלץ צורעכט מאכן, וועט אלץ אָפּטון... מיר וועלן נאָר די סאָנים פארטרײַבן, און לעניג וועט אָנהייבן ארבעטן, וועט אלץ גוט ווערן... די אײַזנבאַן וועט אָנהייבן ארבעטן, און רו און ערד וועלן אלע האָבן, — און אלץ...

— די אײַזנבאַנען וועלן אויך אָנהייבן ארבעטן?

— געוויס, אבי נאָר לעניג...

גערעדט האָט דער סאָלדאט לאַנג, וועגן אלץ האָט ער דער־ציילט אזוי פראָסט, לעניג וועט אלץ אָפּטון.

איז ארײַנגעפאלן איליקן דער געדאנק וועגן יענעם לעניגען, — געדארפט אים זען, דערציילן, אז די צוגן גייען ניט, אז די אײַזנבאַן איז מיט גראָז פארוואקסן, די רעלסן זײַנען פארזשא־

ווערט געוואָרנ, אונ קיינער קוקט זיכ ניט אומ אפ דעמ שוינ פיל כאדאָשימ...

געווענ אמאָל — איז טוט א פייַפ אזוי דער צוג — די דעמבעס ציטערנ, די אָסיקעס פארלירנ די בלעטער פונ שרעק, די קוסטעס בייגנ זיכ אייַנ... אפנ זומפ זעצט זיכ דער נעפל...

נאָכ איצט טשעפעט אָנ איליק אלע זייַנע אינסטרומענטנ אפ א רימענ, נעמט אינ האנט דעמ בראָכ־אייַזנ אונ גייט ארומ־קוקנ זייַנ סעקטער — ער יעט אויס דאָס גראָז, שרויפט צו א מוטערקע, וווּ מ'דארפ... ער זעט אָבער, אז דער וואלד האָט איצט פאר גאָרניט קיינ מוירע ניט, שרעקט זיכ ניט פארנ קופערנעמ אָפהילכ פונעמ לאָקאָמאָטיוו — ער שורשעט לוסטיק מיט די בלעטער אונ לאכט אינ א שטורעמווינט, ווייַל די צוגנ גייענ שוינ לאנג ניט. אינאָווענט צינדט אָנ איליק זייַנ לאמטערנדל אונ וואַרט, צי וועט ניט דורכגיינ קיינ צוג אינ דער באשטימטער צייַט.

2

דרייַסיק יאָר גייט איליק אומ, שרויפט צו מוטערקעס, אונ וויפל צוגנ זייַנענ פארבייַ אימ דורכגעגאנגענ! — פארשיידענע... ווענ די מילכאָמע האָט זיכ אָנגעהויבנ, זייַנענ זיי געגאנגענ מיט סאָלדאטנ. אלע שרייַענ, זינגענ, אלע אינ איינ ריכטונג אהינ, וווהינ איוואנקע איז אוועקגעפאָרנ...

האָט זיכ אומגעקערט איליק פונ דאָרפ, וואָס איז זיבנ וויאָרסט פונ אייַזנבאנ־בייַדל. דאָרטנ האָט זיכ זייַנ עלטערער זונ אפ דער ערד באזעצט. ניט געוואָלט בלייַבנ אפ דער אייַזנבאנ.

אינ דאָרפ, זאָגט מענ, איז אומרויִק. מע זאָגט, אז עס גייט א מאכנע, די באנדיטנ כאפנ. אונ ווער א באנדיט איז — ווער קאָנ זיכ פאנאנדערקלייַבנ? די יונגעלייַט זייַנענ אינ וואלד אנטלאָפנ. אנטלאָפנ אינ פאנאס כוטער, אינ וואלד, צו הריצקאָ סעמענס, וועלכער ווינט שוינ לאנג ניט אינדערהיימ, נאָר דאָרט אינ כוטער. אָפט הערט איליק שיסערייַענ פונדאָרטנ, אָפט קומענ די דאָרפישע יאטנ צומ בייַדל — פרעגנ עפעס אויס אונ גייענ אוועק...

די יאטנ זייַנענ גאזלאָנימ געוואָרנ, די עלטערע הערט מענ ניט.

און סעמענ זאָגט, אז זײַנ הריצקאָ וועט זײַנ א לײַט אפ דער גאנצער גובערניע, וועג ער וועט נאָר די קאָמונע אראָפּוואַרפֿנ...
שיידים ווייסנ זיי...

הײַנט הערט מענ עפּעס מער שיסעריײַענ פֿונ כוטער און שיקערע אָפּהילכנ — כעוורע הוליעט... און פֿונ איליקס בײַדל איז ניט ווײַט.

מע זאָגט, אז איבער סעמענענ גייענ עס ניט די צונגנ — ער ראַבעוועט זיי ערגעצ דאָ, עטלעכע וויאָרסט פֿונדאַנענ. דער רועכ ווייסט זיי — דאָס שמועסט מענ דאָכ נאָר אזוי.

דעריקער איז די צונג — ווענ זיי וועלנ אָנהייבנ פּאָרנ און ווידעראַמאָל שרעקנ דעם וואלד, דעמאָלט וועט אלצ גוט זײַנ, ווידער וועט דאָס לעבנ אײַנגעאָרדנט ווערנ, די מענטשנ וועלנ גאָר אנדערע ווערנ... דאָס איז א קויעכ — די מאשינ — ניט דאָס, וואָס איצט... עכ, לעבנ, לעבנ...

די נאכט פאלט צו מיט אומרו, טשעפּעט זיכ אָנ אינ הימלשער בלויער טיפ, אינעם גאָלד פֿונעם טאָג... די נאכט איז אומרויק...

געוואַרט האָט איליק מיטנ לאמטערנדל אפ א צוג — אלע־מאָל אינ דער צײַט, ווענ די שטערנ צינדנ זיכ אָנ, פלעג אמאָל דורכגיינ א פּאסאזשיר־צוג... געוואַרט... ניטאָ... אלע טאָג וואַרט ער, עפּשער האָט שוינ לעבינ אָנגעהויבנ? ווענ דאָס וואָלט גע־זאָגט עמעצער אנדערש, אָבער דאָס איז דאָכ עפּעס א סאָלדאַט מיט אויגנ, ווי בא איוואַנקענ, און מיט פּונקט אזעלכע גרײַזע־לעכ אפנ קאָפּ...

ארײַנ אינ שטוב — פּײַכטקײַט, שטויב, דער אלטער זייגער קלאַפּט שוינ לאַנג ניט אויס די שאָענ. — קנאפּ האָט ער זיכ אָנ־געקלאַפּט אינ זײַנ לעבנ. מע קאָנ אימ אפ קיינ נײַעמ ניט פאַר־בײַטנ, הענגט ער, ווי א יאָסעמ. אָנגעצונדנ דעמ קאַנעצ, געזעצט זיכ אפ דער באַנק.

3

הריצקאָ האָט געוווּסט פֿונעם פּאנצער־צוג „לעניג" — האָט ער זיכ אויסגעזידלט שיקער, אויסגעשאָלטנ... געוווּסט, אז דאָס קומט ער אימ כאַפּנ מיט דער כעוורע...

די שפּאלן זײַנען געפלויגן אראָפּ פונעם אָנשיט, זיי האָבן לײַכט זיך אָנגעשלאָגן און געבליבן ליגן אַפ דער ערד, און ווען מע פלעג ווארפן א רעלס — האָט ער זיך געקײַקלט אראָפּ, געדריקט די קוסטעס, דאָס גראָז באַשאָטן מיט זאמד...

אָן אומרויִקע נאכט...

אליין הריצקאָ האָט געקײַקלט די רעלסן אראָפּ, געקאָמאנ־דעוועט. געשמעקט האָט ער מיט שווייס און מיט ניט־געוואשע־נעם מענטשלעכן לײַב, מיט סאמאָהאָן און מיט כווישעך פון דער נאכט...

מע אײַלט, מע קוקט אהין, פונוואנען עס דארף ארויסקריכן די שטאָלענע כײַע, וועלכע דארף פאלן אָט דאָ און אומקומען און — דאָן...

אַפ א פערטל וויאָרסט צענומען.

גענוג, ס׳וועט זײַן זײַן עק.

אויסגעווישט דעם שווייס מיטן ארבל, פארזשמורעט די אויגן.

א בייזער שמייכל האָט זיך צעגאָסן אַפ די ליפּן, באטראכט די ארבעט — ריין... פארטיק...

געלייגט זיך אין די קוסטעס אַפ ביידע זײַטן אָנשיט. הריצ־קאָ, אין בלאָווע פלודערן און א טשומארקע, אין א גרויען היטל און מיט א טאָטערישן אויסזען, גייט אום פון איין קופּקע צו דער צווייטער, מע פלוידערט און מע ווארט גלײַכגילטיק. כעוורע ליגן, מע רויכערט מאכאָרקע און מע שפּײַט:

— זעט נאָר, איז הייסט עס... ווי ס׳וועט נאָר א טרישטשע טון — אזוי אלע ראפּטום נעמט זיי אין דער ארבעט — גלײַך פון אוטאָמאט, ריין...

— גוט...

נאכט...

— איז זעט־זשע, און איך וועל גיין צו יענעם אלטן מעשו־גאס — ער זאָל עפּעס דאָ אונדז ניט אָפּטון...

נעלעם געוואָרן אין די קוסטעס.

פארויכערט ציגײַערס, צעלייגט זיך, איינער האָט אָנגעהויבן:

— מיר זײַנען דעמאָלט געשטאנען אין טאוורידע, אַפ איי־נער א סטאנציע, אַפ דער וואכ. דעמאָלט האָבן אונדז די דײַטשן

אין קרים ארײַנגעלאָזן, און סעוואסטאָפּאָל האָבן זיי אליין געד־נומען — אזוי האָבן זיי אונדז אלץ פאָרויס געלאָזט, און ווי נאָר צו סעוואסטאָפּאָל דערגאנגען,—זאָגן זיי, — אזאס... אליין ארײַנגעגאנגען, און אונדז זאָגן זיי — בּיטע, צוריק... יאָ...

— וואָס זאָגסטו צו זיי?

— איז אָט, זײַנען מיר געשטאנען אף דער וואך; צוגן זײַנען שוין געגאנגען פון קרים. האָבן מיר גענומען רעווידירן די דאָקומענטן. אך, האָבן מיר זיך דאָס אָנגענומען מיט אלדאָס־גוטס... געווען וואָס צו טון — אָט די פאסקודנע קאָמסאָמאָלצעס, ברודיקע, באהאלטן זיך אויס. — „קריך ארויס!" — און מיר פירן זיי אָפּ אף דער סטאנציע — אָט אזוי האָבן מיר אָנגעלערנט די באָלשעוויזיע... אמאָל האָבן מיר זיי אויך געצוווּנגען טאנצן, זינגען...

— ניט שלעכט....

נאכט... אין פענצטער פונעם אײַזנבאן־בײַדל קריכט זי, דער קאנעץ ברענט... גייט ארײַן הריצקאָ, א שארפער בליק:

— גוטן אָוונט...

געזעצט זיך אף דער באנק. איליק האָט זיך גענומען אופהייבן און זיך ווײַטער געזעצט.

— פארוואָס פאָרסטו ניט אריבער אין דאָרף, איליק? ניטאָ אלציינס דאָ וואָס צו טון...

— ניט אייביק וועט עס אזוי זײַן... דאָ וועל איך שוין דער־לעבן מײַנע יאָרן, דאָ איז אויך ניט שלעכט...

הריצקאָ האָט זיך אריבערגעזעצט אף א צווייטער באנק, נעענטער צום טיש.

— הער... ס׳וועט באלד דורכגיין א צוג... דער פאנצערצוג „לע־נין"... ווילן די קאָמוניע אין דאָרף אײַנפירן. איז געדענק, גיי ניט ארויס אהין... מיר האָבן די רעלסן אראָפּגענומען — מיר וועלן זיי באווײַזן, ווי...

א קוק געטאָן גלײַך אין די אויגן איליקן.

— א צוג... און לעבן... און דו לאָזט ניט דעם צוג?

— און דו שווײַג, אניט... דו ווייסט דאָך, מיר מאכן דאָס גיך... איז זע־זשע...

א ווײַז געטאָן דעם רעוואָלווער, געזעסן אביסל און ארויס...
— א צוג מיט לעבינען...
האָט זיך איליק אופגעכאפט, ארויס אינדרויסן, צוגעהערט זיך...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטיל גייט דער פאנצערצוג אין דער אומרויִקער נאכט, די הארמאטן האָבן די צײַנער אויסגעשטשירעט, די קוילנוואר־פער האָבן זיך צוגעטוליעט.
מיטאמאָל א רויטער לאמטערן, איין מאָל א בלישטש, דאָס צווייטע מאָל.
איז צוגעלאָפן איליק צום אָרט, ווו די שפאלען זײַנען צע־נומען, געפאלן, אופגעכאפט זיך און לויפט ווײַטער, ווײַל דער צוג פיכקעט שוין דאָרטן. איין געדאנק —
— לעבין און דער סאָלדאט, וואָס מיט די אויגן, ווי בא איוואנקען.
אופגעהויבן האָט איליק דעם לאמטערן איבערן קאָפּ, און פלוצים —
איין שאָס — נאָך עמעצער האָט ניט אויסגעהאלטן, און נאָך דעם — פון ביידע זײַטן אָנשיט.
האָט זיך איליק א שאָקל געטאָן, אפן רוקן געפאלן, אן אויקע געטאָן און גענומען שפּײַען מיט בלוט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— צום געווער! — די קוילנוואַרפער האָבן א שפּריץ געטאָן מיט פײַער איבער די קוסטעס. און בא איליקן אין קאָפּ האָט זיך געשלאָגן דער לעצטער געדאנק —
— ניט געזען לעבינען, ניט דערציילט אים, לעביגען...

---

# אנ אלטער קאזאק וויל זענ לענינענ

פרילינג־צײַט דעמ 1920 יאָר בינ איכ געפאָרנ איבערנ „איליטש" אפנ וועג פונ אָמסק קיינ סעמיפּאלאטינסק. שפּאצירנ־דיק איבערנ שיפּ, דערזע איכ אנ אלטינקנ, שוינ אביסל אופּ־געהאָרבעטנ 75־יאָריקנ זאָקנ. א גרײַזגרויער, אָנגעטאָנ עפּעס אינ א צײַגענעמ קאפּטאנ, אונ אפ דעמ צעקנייטשטנ היטל זײַנעמ איבערגעצויגנ א רויט בענדל.

נאָכ א קורצנ שמועס האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז דער אל־טינקער איז א קאָמוניסט אונ פּאָרט פונ אָמסק פונ פּארטיי־קורסנ צו זיכ אהיימ. אלײנ איז ער א קאזאק אונ האָט זינ אונ טעכטער, שניר אונ איידעמס, אייניקלעכ אונ אורייניקלעכ. איינער א זונ זײַנער אונ עטלעכע אייניקלעכ זײַנענ אויכ אינ דער קאָמוניסטישער פּארטיי.

— איכ דארפ שוינ גיכ שטארבנ,—זאָגט דער אלטינקער,— וואָלט זיכ מיר אָבער וועלנ פארנ טויט זענ וולאדימיר איליטשנ, טאקע נאָר אימ זענ אונ דערנאָכ שוינ שטארבנ.

מיר איז דאָס זייער געפעלנ געוואָרנ, באזונדערס נעמענדיק אינ אכט די גרויסע באדײַטונג פונ דעמ אלטנס פּראָפּאגאנדע צווישנ דער פויערישער קאזאקנשאפט, אונ איכ האָב זיכ אונ־טערגענומענ ברענגענ דעמ אלטנ צו לענינענ.

אינ א וואָכ ארומ איז דאָס ווירקלעכ געשענ. לענינ האָט מיט גרויס פארגעניגנ אײַנגעשטימט אופצונעמענ דעמ אלטנ.

אז איכ האָב ארײַנגעפירט פוטניצעווג (אזוי האָט ער געהייסנ, דער אלטער) צו לענינענ אינ קאבינעט, איז לענינ אופגעשטא־נענ, אָנגענומענ מיט בײדע הענט דעמ דערשראָקענעמ פוטני־צעווס האַנט.

— גוט מאָרגנ, איליא דאנילאָוויטש.

איליא דאנילאָוויטש האָט זיך אינגאנצן פארלאָרן און קוים אויסגערעדט מיט א ניט־זיכערער שטים:

— ליבער טוער, א גרוס דיר פון סיביר.

לענין האָט באַזעצט דעם אלטן אנטקעגן זיך אפ א שטול און גענומען זיך אויספרעגן באם אלטן וועגן לעבן פון די סיבירער קאזאקן.

איליא דאנילאָוויטש איז געקומען צו זיך, גענומען ענטפערן אפ אלע פראגן, זיך ניט געשעמט און אָנגעוויזן אפ אייניקע פעלערן פון דעם ראטן־אפאראט, פאר גוטע דעקרעטן האָט ער גאָר אָן כאניפע געלויבט די ראטומאכט. לענינען איז, ווי זעט אויס, פּאָטאניצעוו׳ס ייער געפעלן געוואָרן, האָט ער זיך מיט אים צערעדט, ווי מיט גאָר אן אלטן באקאנטן, און אפילע דערציילט פון זיין אייגענעם לעבן אין סיביר און אזוי ווייטער. ניט קוקנדיק, וואָס יעדער מינוט פון לענינס ארבעט־טאָג איז אויסגערעכנט געווען, האָבן זיי זיך דאָך אזוי לאנג פארשמועסט און זיך ניט ארומגעקוקט, אז ס׳איז אוועק א גאַנצע שאָ.

באם זעגענען זיך האָט זיך דער אלטער פּאָטאניצעוו געווענדעט צו לענינען:

— ליבער טוער, דערלויב אונדז פאר דיין לעבן דיר אוועקשטעלן בא אונדז אין „סטאניצע“ א דענקמאָל.

לענין האָט שמייכלענדיק אים גענומען אָפּריידן פון דעם.

— נו, אויב אזוי, טאָ דערלויב אונדז בא אונדז אין סטאניצע אויסבויען א קינדער־גאָרטן און אים אָנרופן אפ דיין נאָמען.

— יאָ, — זאָגט איליטש, — דאָס איז א קלוגע זאך...

— נאָר אָט וואָס, — זאָגט דער אלטער, — פארב פעלט אויס און צוועקלעך, און ברעטער, אלץ איז נאציאָנאליזירט.

— נו, דאָס מיין איך, וועט איר גרינג באקומען, — זאָגט לענין. — אָט בעט דעם כאווער שאָטמאן, ער איז פאָרזיצער פון ראט פון פאָלקווירטשאפט.

— בעסער, ליבער טוער, שרייב דו אליין אָן א צעטעלע, ער זאָל געבן, — האָט דער אלטער צוגעגעבן מיט א קלוג שמייכעלע.

לעניג נעמט שמייכלענדיק זײַנס א קארטל און שרײַבט:

„סיבירעווקאָם. איך בעט מיטהעלפן מיט אלץ דעם כ׳ איליא דאנילאָוויטש פוטניצעוון באַם בויען אין אורליוטי־נער סטאַניצע א קינדער־גאָרטן.

פאָרזיצער פון סאָוונארקאָם

וו. אוליאנאָוו (לעני ן)“.

— א דאנק ליבער טוער,—מאכט דער אלטער. — און איצט שרײַב אָן אין „טשעקא“, אז מע זאָל מיך ארויסלאָזן, אז ניט וועט אויסקומען איבעריקע צײַט פאטערן.

וולאדימיר איליטש האָט אָנגעשריבן אף א צווייטן קארטל— אין „טשעקא“, ניט פארהאלטן דעם כ׳ א. ד. פוטניצעוו.

— און איצט, ליבער טוער, דערלויב מיר דיך א קוש טון און איבערגעבן אונדזערע קאזאקן א גרוס פון דיר.

וולאדימיר איליטש האָט ארומגענומען דעם אלטן און זיך שטארק־שטארק כאווערייש מיט אים צעקושט.

אז זיי זײַנען ארויס פון קאבינעט און דורכגעגאנגען דעם אופנעם־צימער, האָבן די שרײַבער זיי באלייט מיט בייזע בליקן, אומצופרידענע מיט דעם, וואָס מע האָט אזוי לאנג פארהאלטן איליטשן. נאָר איליא דאנילאָוויטש האָט גאָרניט באמערקט, ער איז געגאנגען מיט א הייליקן שמייכל אף דער אלטער באָרד און געהיט געטראָגן צוויי צעטעלעך מיט וו. אי. לענינס אייגע־נעם האנטשריפט.

א. בעזימענסקי

# צו גאסט בא לעניגען

דער ערשטער אלרוסלענדישער צוזאמענפאָר פונעם יוגנט־פארבאנד.

ס׳ווערט פּײַערלעך אָנגענומען א באשלוס שיקן צום כ׳ לע־נין פאָרשטייער פונעם צוזאמענפאָר אפּ אים צו באגריסן.

מאָרגן 12 אזייגער וועלן מיר אים קאָנען זען.

ווער וועט ריידן אין נאָמען פונעם צוזאמענפאָר — אלע צי איינער? ווער וועט ריידן? וואָס וועט ער זאָגן?

צום סאָף האָט מען באשלאָסן: איבערגעבן די „מיסיע" פון א פאָרטרעגער דעם כ׳ צעטלין.

— איכ׳ל א גאנצע נאכט ניט שלאָפן, — האָט ער געמאָלדן, — עפשער וועל איך עפּעס צוטראכטן.

געקומען, ארײַן אין אופנעם־צימער. געוויינטלעך, לאָזט זיך אויס, מיר האָבן פארשפּעטיקט. נאָר מ׳גיט אונדז איבער, אז נאָכן באריכט פון עפּעס א כאַווער וועט דער כ׳ לענין אונדז פאָרט אופנעמען.

מיר זײַנען ארײַן צו אים אין קאבינעט. כ׳ לענין דרייט זיך אויס צו אונדז. פּאָשעט אָנגעטאָן, פון קעשענע שטעקט ארויס א לאנגע ווארעמע קאשנע. ער שמייכלט, גריסט זיך. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט.

צעטלין הייבט אָן ריידן. כ׳ לענין שלאָגט אים איבער. אין א מינוט ארום פילן מיר זיך אלע גוט. ער, דער פירער פונעם אל־וועלטלעכן פּראָלעטאריאט, אזא נאָענטער, צוגעלאָזטער צו אונדז.

צעטלין גיט איבער מיט גאדלעס, אז דער צוזאמענפאָר האָט באשלאָסן אָנרופן אונדזער פארבאנד — קאָמוניסטישער.

— ס׳גייט ניט אין נאָמען, — טוט ער א זאָג.

— מירן אָבער באַרעכטיקן דעם נאָמען, — רײַסט זיך ארויס בא אים.

צופרידנ שמייכלט לעניג פונ דעם ענטפער.

ער פרעגט אונדז אויס וועגנ דער צאָל מיטגלידער פונעם פארבאנד, וועגנ צוזאמענשטעל פונעם צוזאמענפאָר.

— וויפל מיידלעך זײַנען פאראנ אפנ צוזאמענפאָר ? — פרעגט איליטש בא דער כ״טע גער.

ווי עמעצער האָט מיר באם צונג א שלעפּ געטאָנ:

— נײַנ שטיק, — שיט איך אויס.

אלע האָבנ זיך צעלאכט.

נאָך אסאך זאכלעכע פראגנ שטעלט אונדז לעניג.

— ווי איז בא אײַך מיט די פינאנסנ ? — פרעגט ער אונדז.

— פינאנסנ זײַנען אינ געדאנק. מעזומענ — גאָרניט.

לעניג שרײַבט עפּעס אָנ אפ א פאפיר.

— גייט מיט דעם צו סווערדלאָוונ, — זאָגט ער.

מיר הייבנ זיך אופ, געזעגענען זיך הערצלעך אונ גייען ארויס.

אונ פילנ זיך, עס האָט אונדז דערמונטערט א גרויסע נע־שאָמע פונ א גרויסנ מענטשנ.

# א פֿיערשע לעגענדע וועגנ לענינענ

אָט קומט אײנמאָל צומ צאַר מיקאָלאשקענ זײַנ הויפּט־
גענעראל: „אזוי אונ אזוי, אײַער קײזערלעכע הויכקײַט, אינ אָט
דעמ אונ דעמ לאנד האָט זיך באַוויזנ א מענטש א מאָדנער, א
געלערנטער; פֿונ אנ אומבאַוווּסטנ טשינ אונ שטאנד איז ער,
אָנ א פּאשפּאָרט אונ מיטנ נאָמענ לענינ. אונ עס דראָט אָט דער־
דאָזיקער מענטש: „אפֿנ צאַר מיקאָלאשקענ וועל איך קומענ,
אלע צארישע סאָלדאטנ צונעמענ, אונ אלע גענעראלנ,
נאטשאלניקעס, אָפֿיצערנ־בלאגאָראָדיעס אונ דיך, צאַר מיקאָלײַ,
וועל איך אפֿ שטויב צעמאָלנ אונ אפֿנ ווינט צעבלאָזנ—איך האָב
אזא שפּרוך“. האָט זיך איבערגעשראָקנ דעמאָלט מיקאָלאשקע־
צאַר, אזש אופֿגעשפּרונגענ אונ מיט א הויכער שטימ אויסגע־
שריענ: „שרײַבט אפֿגיך דעמ מענטשנ, אָט דעמ אָנעמ פּאש־
פּאָרט אונ מיטנ נאָמענ לענינ, זאָל ער גיט גײנ קעגנ מיר, ניט
צעמאָלנ אינ שטויב מיך, די גענעראלנ מײַנע, די נאטשאלניקעס
אונ די אָפֿיצערנ־בלאגאָראָדיעס, אונ דערפֿאַר וועל איך דעמ
מענטשנ דעמדאָזיקנ א האלב קעניגרײַך אָפּגעבנ“. זײַנע אָנגע־
לאָפֿנ צומ צאַר מענטשנ געלערנטע, גיך־גיך אָנגעשארפֿט די
פֿעדערנ, אָנגעשריבנ לענינענ: „אזוי אונ אזוי, גײ ניט, לענינ,
אפֿנ צאַר מיקאָלײַ מיט דײַנ שפּרוך אונ נעמ זיך דערפֿאַר א
האלב קעניגרײַך מיקאָלײַס אָנ קריג, אָנ זידלעניש“. אונ אינ־
גיכנ האָט געשיקט אנ ענטפֿער דער אומבאַוווּסטער אָנ א פּאש־
פּאָרט אונ מיטנ נאָמענ לענינ. אונ ס׳שרײַבט לענינ דעמ צאַר
מיקאָלאשקענ: „אזוי אונ אזוי, שרײַבט ער, איך בינ אײַנשטי־
מיק באַקומענ פֿונ דיר, צאַר מיקאָלאשקע, א העלפֿט פֿונ דײַנ
קעניגרײַך, נאָר טײלנ וועלנ מיר זיך אזוי: ניט נאָך גובערניעס,

ניט נאָכ אויעזדן, ניט נאָכ וואָלאָסטן, נאָר נעמ דו זיכ, צאַר מיקאָלאשקע, דעמ גאנצנ ווײַסבײנ: די גענעראלנ, באַטשאלני־קעס, אָפיצערנ־בלאגאָראָדיעס מיט זײערע אלע טשינעס, אָר־דענס, צײלעמס, עפּאָלעטנ, מיט זײערע ווײַבער די ווײַסלײַביקע, מיט די קינדער ווײַסבײניקע; נעמ די הערנ פּריצימ מיט זײע־רע רײַכטימער, מיט די מאלבושימ זײַדענע אונ סאמעטענע, מיט די געפעס די זילבערנע, מיט די ווײַבער זײערע אונ די קינדער זײערע. נעמ זיכ די סאָכרימ מיט די סכוירעס זײערע, מיט די געלטנ די אָנצאָליקע, נעמ די פאבריקאנטנ מיט די מאשינעס אונ מיט זײערע פאבריק־רײַכטימער, אונ מיר גיב אָפּ דעמ שווארצבײנ: די פּויערימ, סאָלדאטנ, פאבריק־ארבעטער, מיט זײער אָרעמענ האק אונ פּאק, נאָר די פּי לאָז זײ, די לאָנקעס די גראָזיקע אונ די ערד צומ אקערנ". האָט איבערגעלײענט דעמ בריוו מיקאָלאשקע־צאַר, האָט ער זיכ צעטאנצט פאר פרײד אונ באַפוילנ די גענעראלנ, אָפיצערנ אונ נאטשאלניקעס: „די מינוט שרײַבט דעמדאָזיקנ לעניגענ, אז איכ בינ אײַנשטימיק, אונ וואָס איז עס פאר א געלערנטער, אויב ער האָט זיכ אָפּגע־זאָגט פונ מײַנע געלטנ אָנצאָליקע, פונ די סכוירעס סאָכרישע, פונ די רײַכטימער פּריצישע אונ נעמט זיכ דעמ שווארצבײנ נאָר. אונ אָפּ יענע געלטנ וועלנ מיר נײַעמ שווארצבײנ אָנגע־מענ, אינ סאָלדאטנ זײ צונעמענ אונ ווײַטער לעבנ אינ רויִקײַט אונ רײַכקײַט. זײַנען אָנגעלאָפנ ווידער צומ צאַר מענטשנ גע־לערנטע, די שארפע פעדערנ צוגעגרײט, אָנגעשריבנ לענינענ, אז אײַנשטימיק איז דער צאַר.

אונ אינגיכנ קומט צו פאָרנ שטילינקערהײט לעניג צו זײַנע סאָלדאטנ, די פּויערימ אונ ארבעטער. אונ דער צאַר מיטנ ווײַס־בײנ האָבנ שוינ די פלײטע געמאכט. קוקנ די פּויערימ, סאָלדאטנ אונ ארבעטער — געקומענ צו זײ גאָר א פּאָשעטער מענטש, ווי אלע, אונ זאָגט זײ: „כאווײרימ, גוט מאָרגנ". יעדערנ די האנט געגעבנ אונ געמעלדעט מיט א הויכער שטימ: „כ׳וועל זײַנ מיט אײַכ גלײַכ אָפּ גלײַכ, ווײַל אלע זײַנענ מיר כאווײרימ, נאָר איר פאָלגט מיכ, איכ קאָנ אלע וויסנשאפטנ, אונ מײַנע כאווײרימ וועל איכ קײנ שלעכטס ניט אויסלערנענ". די סאָל־

דאטנ טייקעפּ, לויט זייער סאָלדאַטישער געוווינהײַט: „אזוי, כא־ווער לעניג, כ'הער!“ די ארבעטער, שטאָט־מענטשנ, געוווי־נטע, האָבנ אויכ ניט געזאָגט גאָרניט קעגנ. נאָר די פּויערימ האָבנ זיכ באַליידיקט, וואָס ער האָט א פעלער געטאָנ, ניט געטאָנ דאָס, וואָס מע דארפ. האָבנ זיכ די פּויערימ צערוישט, צעליארעמט, צע־שריִענ זיכ: „צוליב וואָס, פארוואָס האָסטו פונ די הענט ארויס־געלאָזט די געלטנ אָנצאָליקע? וואָלסט אונדז צעטיילט, וואָלטנ מיר די ווירטשאפט פאריכט“. האָט זיכ צעלאַכט לעניג, מיטנ קאָפּ א שאָקל געטאָנ אונ געענטפערט זיי מיט אזא וואָרט: „ניט שרײַט, ניט ליארעמט, נעמט די ערד, די פי אונ באַלעבאטעוועט, אונ שפּעטער וועלנ מיר זענ. ס'וואָלט ניט קלעקנ קיינ פּריצי־שע געלטנ פאר אײַכ, ווײַל איר זײַנט טויזנטער, אונ ווײַסבייג איז ניט מער ווי דריבנינקע הונדערטער. אונ אנטקעגנ דעמ, וואָס מע זאָל גאָר דעמ ווײַסבייג פונ דער וועלט מעשאלייעכ זײַנ, ווייס איכ א שפּרוכ, נאָר ניט קיינ פולנ, אביסל ניט דער־טראכט. נאָר דערפאר האָב איכ אנ אנדער שפּרוכ, א זיכערנ פאר דעמ גאנצנ שווארצבייג פונ דער ערד. ווי איכ וועל זאָגנ דעמ שפּרוכ, וועט אינערגעצ דער ווײַסבייג ניט געפינענ קיינ סאָלדאטנ אונ ארבעטער. אלע וועלנ מיט מיר אוועקגייג, אונ פונ דעמ ווײַסבייג וועט מענ זיכ אָפּזאָגנ. אונ ווײַל דער ווײַס־בייג איז ניט קיינ באַקומער, נאָר א פארלעבער, וועלנ זיי אפ דער ווײַסער וועלט ניט אויסלעבנ“.

אונ אינגיכנ האָט געטראָפנ אזוי, ווי לעניג האָט פאָרויסגע־זענ. געקומענ איז א רײַטער צו לעניגענ, געבראכט אימ א יע־דיִע פונ מיקאָלאשקעג דעמ צאר, אונ ס'שרײַבט אימ אינ דער יעדיִע מיקאָלאשקע דער צאר: „אזוי אונ אזוי, לעניג, האָסט מיכ אָפּגענארט, האָסט גענומענ דעמ גאנצנ שווארצבייג אונ מיר גע־לאָזנ ניט קיינ באַקומער, נאָר פארלעבער. די גענעראלנ מײַנע, אָפּיצערנ־בלאגאָראָדיעס זײַנענ אָנ סאָלדאטנ, ווי פערד, וואָס ארבעטנ ניט, עסנ נאָר, טרינקענ אונ ווערנ פעט. בא די הערנ פּריצימ ענדיקנ זיכ שוינ זייערע רײַכטימער, זיי דערטראָגנ די לעצטע מאלבושימ פונ די קאסטנס. די סאָכרימ מײַנע האָבנ ניט־וועמענ די סכוירעס זייערע צו פארקויפנ. די פאבריקאנטנ מײַנע

האָבן אלע מאשינעס צעפּאטערט, ניטאָ בּא זיי קיין קענטשאפט, זיי ווייסן נאָר נאָכ די בּיכער אונ צו קיין מאשין—ניט צוטרעטן. אונ דאָס אויסלענדישע שווארצבּייניקע פאָלק דינגט זיכ צו אונדז אפ ארבעט ניט אָן, גייט צו דיר, אפ דײַן שפּרוכ, אונ אזוי איז אונדזער געשעפט שוין דערגאנגען, אז כאָטש לייג זיכ אונ שטארבּ. גייען אפ דיר מיט א מילכאָמע מײַנע גענעראלן אונ אָפיצערן־בּלאגאָראָדיעס, אפ צו אָפּנעמען בּא דיר צוריק דעמ גאנצן שווארצבּיין".

אונ דערפאר איז איצט די מילכאָמע צווישן דעמ ווײַסבּיין אונ שווארצבּיין. נאָר דער ווײַסבּייג וועט לאנג ניט אויסהאלטן ווײַל די גענעראלן אונ אָפיצערן־בּלאגאָראָדיעס זײַנען געוווינט מיט סאָלדאטן קאָמאנדעווען, כאַיאָלעס אהער־אהין פירן, אונ אליין קאָנען זיי זיכ אפ דער מילכאָמע ניט שלאָגן, ניט גע־וווינט צו דעמ.

אונ ניט לאנג וועלן זיי אויסהאלטן.

# פונקט פיר אזייגער

דאָס איז פאָרגעקומענ דעמ 27 יאנוואר 1924 יאָר. מיסטער עדוארד רעג האָט זיכ אינ דעמ טאָג, פונקט ווי אינ אלע איבעריקע, אופגעכאפּט דרײַ פערטל אפ נײַנ, נײַנ אזייגער האָט ער גענומענ א קאלטנ דוש, האלב צענ האָט ער זיכ געזעצט עסנ פרישטיק, צענ אזייגער האָט מענ אימ דערלאנגט אנ אווטאָמאָביל, אונ ער איז אוועקגעפאָרנ ווענג זײַנע געשעפטנ.

מיסטער רעג איז ניט עפּעס אבי ווער. ער איז אײנער פונ די רײַכסטע מענטשנ אינ לאָנדאָנ. ער פארמאָגט אסאכ זאוואָדנ אונ פאבריקנ, אײַזנבאנענ אונ שיפנ, אווטאָמאָבילנ אונ אעראָפּלאנענ. זײַנ הויז איז אײנס פונ די רײַכסטע הײַזער אינ לאָנדאָנ. עס איז אָנגעפילט מיטנ טײַערסטנ מעבל אינ דער וועלט, מיט די טײַערסטע בילדער אונ סטאטועס.

פאר מיסטער רעגנ איז ניטאָ קײנ שווערע זאכ, קײנ אומעגלעכע זאכ. ער האָט אסאכ געלט אונ פאר זײַנ געלט קאָנ ער אלצדינג קויפנ, וואָס ער וויל — אפילע א מיניסטער. יאָ, יאָ, א מיניסטער.

אָט האָט זיכ ערשט ניט לאנג אײַנגעוואלגערט א שאכטע, וואָס האָט געהערט צו מיסטער רעג, אונ אינ שאכטע זײַנענ אומגעקומענ עטלעכע צענדליק ארבעטער. די ווײַבער פונ די אומגעקומענע האָבנ אָנגעגעבנ אפ מיסטער רעגנ אינ געריכט, זיי האָבנ דערוויזנ, אז די שאכטע איז געווענ זײער שלעכט אײַנגעאָרדנט, אז מע האָט גאָרניט געטאָרט אינ איר ארבעטנ. נו, איז וואָס־זשע איז געווענ? מיסטער רעג האָט באצאָלט אײנעמ א מיניסטער א פײַנע סומע אונ שוינ. פונעמ גאנצנ איניענ איז גאָרניט געוואָרנ.

איינס אזייגער האָט מיסטער רעג געגעסן וואַרמעס. פון צוויי ביז דריי האָט ער זיך אָפּגערוט. דריי אזייגער האָט מען אים געמאָלדן, אַז זיין אווטאָמאָביל וואַרט אַף אים. האָט ער דעמאָלט אָנגעטאָן דעם מאַנטל און אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן, האָט זיך אַריינגעזעצט אין אווטאָמאָביל און געגעבן דעם שאָפער א צייכן אַז מע קאָן פאָרן.

מיסטער רעג איז איצט געפאָרן אַף א זיצונג צו זיין שוטעף — סאָלאָמאָן בערנס, וואָס האָט געוווינט אין א באַזונדערער ווילע הינטער דער שטאָט. דידאָזיקע זיצונג האָט באַדאַרפט פאָרקומען פונקט פיר אזייגער.

דער אווטאָמאָביל האָט זיך שנעל געטראָגן איבערן גלאַטן שאָסיי. מיסטער רעג איז געזעסן אַף דער הויכגעבעטער זיצבאַנק פון זיין אווטאָ און געקלערט וועגן דעם, אַז די געשעפטן זיינען גייען די לעצטע צייט זייער גוט, זייער פיין.

דער זייגער האָט געהאַלטן אָן דריי מינוט פיר. פונדערווייטנס האָט מען שוין אָנגעזען די ווילע פונעם מיסטער בערנס, אָט־אָט איז מען שוין דאָרטן.

און פּלוצים האָט דער אווטאָמאָביל מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט. דער שאָפער דזשים קעל, האָט צוגענומען די הענט פונעם רול, אַראָפּגענומען דאָס היטל און עס אוועקגעלייגט צו זיך אַף די קני.

— אַלאָ, קעל, — האָט מיסטער רעג א געשריי געטאָן, — וואָס האָט געטראָפן? א שינע געפּלאַצט?

קעל האָט זיך אפילע קיין ריר ניט געטאָן.

— צו אַלדע רוכעס! פאַרוואָס פאָרסטו ניט?

קעל האָט זיך אויסגעקערעוועט, און מיסטער רעג האָט דערזען פאַר זיך א פאָנעם פול מיט סינע.

— דעם 27 יאַנוואַר, 4 אזייגער באַטאָג באַהאַלט מען אין מאָסקווע וולאַדימיר איליטש לענינען. די גאַנצע באַוועגונג ווערט אָפּגעשטעלט אַף פינף מינוט, סער.

— קעל, פאָר טייקעף!

דער שאָפער האָט זיך אפילע קיין ריר ניט געטאָן. מיסטער רעג איז געבליבן א צעטומלטער. ער ווייסט עס, פאַרשפּע־

טיקן, ער, וואָס האָט אַפּ זײַנ לעבנ אײנערגעצ ניט פאַרשפּעטיקט נײַנ, דאָס איז אומעגלעכ!

— פּאָר, אַניט וועל איכ דיכ אָפּזאָגנ פונ דער אַרבעט!

קײנ ענטפער.

— איכ גיב דיר טויזנט דאָלאַר. פּאָר!

דשזימ שווײַגט.

— איכ גיב דיר צוויי טויזנט, דרײַ טויזנט, קעל, פּאָר, זאָג איכ!

קעל רירט זיכ ניט פונ אָרט.

מיסטער רעג קאָנ עס בעשומויפנ ניט פאַרשטײנ. ס'איז פּאַראַנ, הײסט עס, עפּעס אַזוינס, וואָס ער קאָנ פאַר זײַנ געלט ניט קויפנ.

פונקט פינפ מינוט נאָכ פיר האָט קעל אָנגעטאָנ דאָס היטל, אַרופגעלײגט די האַנט אַפּנ רול, אונ דער אווטאָמאָביל האָט גערירט פונ אָרט.

מיסטער רעג איז געקומענ אַפּ דער זיצונג אינ זײער אַ שלעכטער שטימונג.

---

מ. דאניעל

# צו לעגינעג

1

א טאָג איז געווען, א טאָג א צווייונצוואַנציקסטער אין כּוידעש.

שטיל יאָנטעוודיק אין הײַזל, און דער טאַטע אינדערהיים. האָט עמעצער די טיר געעפנט און אַן אָנזאָג געבראַכט... אַן אָנזאָג אין א שווארץ רעמל געפּאַסט:

— לעגינ איז טויט.

דעם טאַטנס קאָפּ איז געבליבן אַראָפּהענגען צו דער ערד און אין הענט פארזונקען.

2

הערט א קינד.

אינמיטן מאָסקווע אפן וואַך שטייט א רויטער פּלאַץ.

און ווײַטער דאָרט נאָך א פּלאַץ — סווערדלאָווס.

אָט אפ יענעם פּלאַץ אין א ווײַסן מויער מיט מירמל־סלופּעס אונטערגעשפּאַרט —

ליגט לענינ.

הוליען ווינטן אין קוימען.

צאַנקט א קליין גאַז־לעמפּל אין ווינקל און ליידיקײַט.

קושט וועגט פון הײַזל. דער טאַטע ניטאָ. די מאַמע ניטאָ.

אין האַלבער נאַכט, בּא שײַן פון גאַז־לעמפּל האָט א קינד געזען: ווי דער טאַטע איז פון דער אַרבעט געקומען, די מאַמע פון שלאָף אופגעוועקט. געזען:

ווי בּיידע האָבן זיך אין איבערקליידער אָנגעקליידט, פון שטוב — צו לענינען אוועק.

א קינדס האַרץ האָט אין ליידיקײַט פון הײַזל אָפּגעקלאַפּט, אייגלעך האָבן אין טונקלקײַט פון נאַכט אופגעגליט.

און הענטלעך האָבן דעם טאַטנס פּעלצענעם היטל אַף גאָל־
דענע קרײַזעלעך אַרופגעפּאַטשט — פון טונקעלן הײַזל אין
נאַכט אַוועק.

3

מאָסקווע — אַן אָוול אין טרויער פאַרהילט.

לויפט אַ שטילקייַט אין גאַסן פאַרפראָרענע, אין מויערן
פאַרשטיינטע.

מאַכנעס גייער האָבן פון האַלבן טאָג גאַסן באַלאַגערט,
באַלאַגערט. און איינס נאָך איינעם מיט געזונקענע קעפּ
צום פּלאַץ זיך געצויגן.

אַזוי אַ טאָג — ביז צוויי באַנאַכט. פיר דער זייגער.

זעלטן ווען שנײַדט דורך שטילקייַט פון נאַכט אַ קופּקע
גייער.

טרעטן מיט געײַליקע טריט דעם בלאָען אײַז, דעם אײַנגע־
פראָרענעם שניי.

באַמערקן ניט גייער, ווי האַרט פאַרבײַ מויערן אין מיט פון
נאַכט־שניי און דרויסן צייכענען קינדערשע טריט אַ וועג צו
לעבינען.

אַ קינד האָט אין נאַכט אַ וועג געזוכט און געפונען...

אַ קינד האָט אַליין און איינזאַם צו אַ קופּקע גייער זיך צו־
געשטעלט.

איניינעם מיט אַ מאַכנע אין מויער און פון אַנדער זײַט טיר
געבליבן שטיין.

טרעפּ זײַנען — ברייטע, מירמעלנע. פיס זײַנען — קינדישע,
גרינגע.

קוקן צוויי רייען רויטע היטער, ווי קינדישע טריט שטײַגן
פון טרעפּ אַף טרעפּ און פלעכטן אין שטילקייַט פון נאַכט אַ
לייטער צו לעבין.

---

# דאדײַ

זאלבעדריט זײַנען זיי געגאנגען איבער טווערער גאס: טשור־גונעק־זינגער, דאדײַ־יערעמקע און זיידע־אגאפ (א יאט פון 16 יאָר, דער עלטסטער פון זיי). אלע זײַנען זיי געווען הונגעריק, געקלערט נאָר וועגן איינס: ווו נעמט מען ערגעץ א קײַ צו טון.

טשוגונעק פלעג פארדינען פון זינגען אף די טראמווײַ־סטאנציעס.

דאדײַ־יערעמקע פלעג זיך גאנצע טעג ארומוואלגערן לעבן די האָלץ־סקלאדן, פלעג אופקלײַבן האָלץ, וואָס די באלעגאָלעס פלעגן פארלירן פירנדיק. פלעג זיך אײַנגעבן, פלעג ער אמאָל ארויסשלעפן א שײַט האָלץ פון וואָגן. בא א באקאנטן נאכט־שוימער פון א טיי־הויז פלעג ער דאָס צעשפאלטן און דער־נאָך פארקויפן אפן מארק.

זיידע־אגאפ (צוליב זײַן הויקער, לאנגע האָר און קרומע פיס פלעג מען אים רופן זיידע) האָט קיין באשטימטע פארנאָסע ניט געהאט. איז געווען טאָג־ארבעט, האָט ער געטאָן. האָט ער געהונגערט, פלעג ער אמאָל א גאנווע טון אויך. קיין גרויסער גאנעוו איז ער ניט געווען, פלעג נאָר נעמען אף ברויט...

א ווינטל האָט געוויגט די רויטע לײַוונטן מיט שווארצן באזוימט; אין די פענצטער פון די מאגאזינען—לענין, קאלינין, מארקס, געהילט אין מאטעריע און עלעקטרישן ליכט.

— ווי לעבעדיקע...— טוט א זאָג טשוגונעק.

— לענינען האָב איך געזען אין פעטראָגראד, אין 17־טן יאָר איז דאָס געווען, ווען מע האָט די מאכט גענומען. אפן פאבריק איז ער געקומען צו פאָרן. איך בין מיט דער מאמען אפן

מיטינג געגאַנגען. גיט ער, לענין, אַזוי אַ ווײַז אַף מיר און זאָגט:
„ווען עס וועט זײַן סאָוועטן־מאַכט, וועט מען זיי אַלע נע־מען אין די שולן אַרײַן, ס'וועט זײַן אָרט פאַר אַלעמען!"
— און מע האָט גענומען? — פרעגט אַגאַפ.
— גענומען, ווי דען. אַ גאַנצן ווינטער זיך געלערנט, אָנטון, ברויט, אַלעמ פאַרטיקן. יאַטן, אַלץ אַזעלכע ווי איך — פון פאַ־בריק... דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן הונגערן, האָט מען אונדז, די גאַנצע שול אין סאַמאַרער גובערניע אָפּגעשיקט.
אַלע האָבן געקוקט אַף לענינס בילד אין טרויער־זײַד. מענטשן האָבן שטיל געשעפּטשעט:
— טרויער, וואָס איז?...
— געשטאָרבן... — האָט מען שטיל געשמועסט אַרום, ווי בלע־טער אַף ביימער וואָלטן געשורשעט אין אַ שטילן ווינטל.
— כעוורע, געשטאָרבן לענין! טשוגונעק, אַגאַפ, זעסט אַף דער רויטער סטענגע אַ שוואַרצע?
— „געשטאָרבן דער כאַווער לענין!"
האָט דאַדיַ געלייענט. און אַגאַפ הינטער אים:
— „איינונצוואַנציקסטן יאַנוואַר 6 אַזייגער מיט 50 מינוט אין האָרקי"....
— איך זע נישט, לאָז נאָר, אַגאַפ....
אַגאַפ האָט אונטערגעהויבן טשוגונעקן...
— לענין... דאָס איז ער?
— זײַן פּאָרטרעט... געשטאָרבן, אָנגעשריבן...
זיי האָבן זיך געלאָזט גיין. דאַדיַ האָט אַלעמען אַרויסגע־פירט פון דער מאַסע מענטשן.
— אַ סאָפּ.
— וועגן לענינען, זאָגסטו עס, דאַדיַ?
— וועגן זיך. אַ סאָפּ! מע דאַרף זען קריגן אַ צײַטונג, אַי־בערלייענען. אַף מיר האָט לענין אַ ווײַז געטאָן און זאָגט:
„אַלע וועלן זיי זײַן אין שולן, ס'וועט קלעקן אָרט".
באַם צײַטונג־קיאָסק איז אַ לאַנגע ריי מענטשן געשטאַנען, אויסגעצויגן און פאַרדרייט, ווי אַ גרויסע, גרויסע ציפער אָנגעשריבן.

— נאָך א צײַטונג ווענן לענינען...
דער ווינט האָט זיך געשפּילט מיט פאָנען.
— בירגער, גיט א צײַטונג! פאראן אין איר וועגן לענינען?...
— וועגן לענינען... קויף... אָט אין דער ריי.
— נישטאָ קיין געלט.
— וועגן לענינען ווילסטו וויסן? — איז געפעלן געוואָרן דעם בירגער....
— יאָ... וועל די כעוורע דערציילן. קויף, פעטערל.
דער פעטערל האָט געקויפט צוויי צײַטונגען. — נא!
און האָט א קלאפּ געטאָן טשוגונעקן איבער דער פּלייצע.
— דאדיַ, אגאפקע, אָט איז דאָ א צײַטונג. אָט!
קימאט א גאנצע שאָ האָבן זיי געלייענט די צײַטונג. סײַ אגאפקע, סײַ דאדיַ האָבן שוואך געקאָנט לייענען, פארגעסן. אומפארשטענדלעכע ווערטער האָבן זיי געפרעגט אײנער באַם צווייטן און פונדעסטוועגן ניט פארשטאנען.
— גאָר... „געשטאָרבן, די לעווײַע וועט זײַן"...
די צײַטונג האָט דאדיַ צונויפגעלייגט און ארײַנגערוקט אין בוזעם...
— עפּעס א קײַ טון, פון נעכטן אָן הונגעריק....
— גוט, טשוגונעק, איך וועל קריגן. איר גייט אַפּ נאכט־לעגער אין ארמיאנער געסל. איך וועל גיין אן אַרבעט טון.
— אגאפ האָט פארקערעוועט אַפּ נעגלינער פּראָיעזד.
שוין עטלעכע טעג, ווי די כעוורע האָבן גענעכטיקט אין הויז נום. 7 אין ארמיאנער געסל. די קאָריידאָרן פון מויער פלעג מען באהייצן, און די כעוורע האָבן גענעכטיקט בא די רערן פון דער דאמפּ־באהייצונג. הײַנט זײַנען זײַ אויך אוועק אהינצו.

—

זיידע־אגאפ האָט געטראָפן זײַנע כאווײרים אַפן שטענדיקן אָרט. דאדיַ איז אופגעשטאנען.
— געבראכט?
— פיר בולקעס... ער שלאָפט?...

— אנשלאָפן געוואָרן. רעדט קעסיידער פון שלאָף וועגן ברויט. דורכגעפראָרן דאָס ייִנגל, הוסט, איצט אנשלאָפן געוואָרן.

דער קליינער טשוגונעק האָט געהאלטן ארומגענומען די ווארעמע רער, צוגעדריקט זיך צו איר און געשלאָפן.

— באהאלט צוויי בולקעס פאר אים, מיר וועלן אופעסן צו איינע.

— געגאנוועט, אגאפ?

— וואָס דען זאָל מען טון?

— מע דארף מאכן א סאָף מיטן גאנווענען. איך וועל גיין אף דער פאבריק אָדער אין שול, ווי לעניך האָט געזאָגט.

אלע דריי האָבן ארומגענומען די ווארעמע רערן און זײַנען געשלאָפן.

---

דער געשטאָרבענער לעניך איז געלעגן אין פאריינען־הויף. גאנץ מאָסקווע איז געגאנגען א קוק טון דאָס לעצטע מאָל אפן טײַערן מענטשן. איבער אלע גאסן האָבן געפלייצט פראָצעסיעס, רויטע טרויער־פאָנען האָבן, ווי גרויסע פליגל, געפאָכעט איבער די פראָצעסיעס. די פײַערן פון די שײַטער־הויפנס, וואָס זײַנען געווען צעלייגט אף די גאסן און פלעצער, האָבן זיך געוויגט, ווי רויטע לײַוונטן. געווען איז א שרעקלעכער פראָסט...

דאדיי, זיידע־אגאפ און טשוגונעק זײַנען געשטאנען אין דער ריי צו לעני׳נס אָרן. דער פראָסט האָט זיך דורכגעקליבן דורך די צעריסענע קליידער, און די כעוורע זײַנען לויט דער ריי נאָך געלאָפן צו די שײַטער־הויפנס זיך ווארעמען.

טשוגונעקן איז אויסגעקומען צו שטיין א שטיקל צײַט אנט־קעגן קאלטן ווינט, האָט ער אָפּגעפראָרן א באק מיט דער נאָז.

— אוי, די נאָז שטשיפּעט... אגאפּקע!

— ווײַס געוואָרן דײַן נאָז, באלד וועלן מיר זי ברענגען אין אָרדענונג. נעם נאָר, דאדיי, רײַב מיט שניי...

זאלבענאנד האָבן זיי געריבן מיט שניי די אָפּגעפראָרענע ערטער.

— פאמעלעך, איר׳ט נאָך די הויט אָפּרײַבן...

— שווײַג, אויב דו ווילסט בלײַבן מיט א נאָז...

אָפּגעגאַנגענע די אָפּגעפּראָרענע ערטער, טשוגונעק איז רויט געוואָרן.

איצטער, היידא ווארעמענ זיך, ווערסט נאָך פארפראָרנ ווערנ...

פאמעלעך האָט מענ זיך באַוועגט, מע האָט געלייענט אפ די פאָנענ פונפאָרנט: „לעניג איז געשטאָרבנ, נאָר זיינ זאַך וועט קיינמאָל ניט שטארבנ"...

דער מיליציאָנער האָט זיי דורכגעלאָזנ אינ פארייגענ־הויז.

— פארוואָרלאָזטע? — האָט ער געפרעגט...

— יאָ...

— ווילע יאַטנ, באַוויסטזיניקע...

אינ גרויסנ זאל צווישנ פּאלמעס אונ בלענדיק־העלנ עלעקטרישנ ליכט איז געלעגנ דער טויטער לענינ. א בלאָז־אָרקעסטער האָט געשפּילט דעם „טרויער־מארש". טיפ־שווייגנדיק זיינענ זיי פארבייגעגאַנגענ פארנ אָרנ... פרויענ האָבנ געוויינט.

טשוגונעק האָט ניט געקאָנט די אויגנ אָפּרייסנ.

— לענינ! דאָס איז לענינ!...

אינ די עטלעכע מינוט איז טשוגונעק עלטער געוואָרנ אפ 10 יאָר, האָט זיך געפילט ווי א דערוואקסענער מענטש, וואָס פארשטייט אַלץ.

— מע וועט באַלייטנ, מעקאַבער זיינ... — דאדייס פאָנעם האָט אופגעציטערט...

— א ראַכמאָנעס...

זיי זיינענ ארויסגעגאַנגענ, אונ אינ די אויערנ האָט נאָך אַלץ געקלונגענ דער „טרויער־מארש".

פראָצעסיעס זיינענ געגאַנגענ. מע האָט געזונגענ דעם נייעם לענינשנ טרויער־מארש: „ביסט געשטאָרבנ, איליטש. אפנ קיי־ווער בא דיר מיר בייגנ אונדזערע פאָנענ"...

טשוגונעק האָט זיך צוגעהערט, פארגעדענקט די ווערטער, געזונגענ אָפנ מאָטיוו, וועלכנ מע האָט געשפּילט בא לענינס אָרנ...

—

אין טאָג פון דער לעווייַע איז זיידע־אגאפּ אוועק זוכן אר־בעט. די לעצטע עטלעכע טעג האָט ער געלעבט האלב־הונגעריק, הייַנט האָט ער שוין ניט אויסגעהאלטן.

— איך וועל גיין „זינגען“ — האָט טשוגונעק געזאָגט און איז אוועק.

דאדיי אליין האָט זיך דערקליבן אפן רויטן פּלאַץ, צוגע־שטאנען צו די אָרגאניזאציעס, מיט איינער פון זיי איז ער פאר־בייַגעגאנגען לעבן קייווער, און, פאַרבייַגייענדיק, האָט ער פעסט באשלאָסן אוועקצוווארפן דאָס גאסן־לעבן און ארופשלאָגן זיך אפ א וועג.

— איך וועל זיך ארופשלאָגן. אזוי בין איך דאָך א פּרעמדער, א הינטל. איינגיכן וועל איך גיין אונטער א פּאָנ.

———

קאלט און הונגעריק. איבער דעם הונגער האָט זיך געדאכט, אז ס'איז נאָך שטארקער דער פראָסט.

דאדיי האָט זיך אומגעקערט אפ ארמיאנער געסל און איז אנשלאָפן געוואָרן, ארומנעמענדיק די ערד. אין קאָפּ האָט זיך בא אים געדרייט. אגאפּקע האָט צו אים געזאָגט:

— וואָס הונגערסטו ?—וועסט שטארבן. גיי גאנווע עפּעס צו אפ ברויט. אפ ברויט מעג מען.

— ניין, איך וועל ניט גיין, געגעבן א וואָרט ניט צו גאנ־ווענען.

און דאדייַען האָט זיך פון הונגער געפּלאָנטערט עפּעס א כאָלעם, געשריען...

אגאפּקע און טשוגונעק האָבן זיך אומגעקערט...

— נעם עסן, דאדיי — האָט טשוגונעק פאָרגעלייגט...

— ווו האָסטו גענומען, נישט געגאנוועט ?...

— פארן זינגען. עס זאָגט צו מיר דער מיליציאָנער: „מע טאָר ניט זינגען, ס'איז טרויעריק, געשטאָרבן לענין“. האָב איך אים אויסגעזונגען א נייַע ליד וועגן לענינען. „דאָס,—זאָגט ער,— מעג מען“. נו, האָב איך דעם גאנצן אָוונט געזונגען. עס, דא־דיי, ס'ניט קיין געגאנוועטע.

———

אפ מאָרגנ אינדערפרי איז דאדיַ געקומענ אינ מיליציע.

דער דעזשורנער מיליציאָנער האָט זיכ נישט געקאָנט מיט אימ צונויפשמועסנ אונ האָט אימ אָפגעשיקט צומ נאטשאלניק.

— איכ קאָנ מיט אימ קיינ טאָלק ניט דערגיינ, מאָדנע מייַסעס דערציילט ער, דער יאַט.

— וואָס דארפסטו?

— איכ וויל מער נישט גאַנווענענ, לעבנ פונ גנייווע — א וואָרט געגעבנ נעכטנ, לעניגענ געגעבנ א וואָרט. שיקט מיכ אפ א פאבריק, מע זאָל דאָרטנ לערנענ אויכ. איכ וויל זייַנ אנ אייגענער, איכ זאָל אונטער דער רויטער פאָנ גיינ, ווי אנ אייגענער, נישט קיינ פרעמדער. לעניג האָט פונקט אפ מיר אָנגעוויזנ אונ געזאָגט: — „אלע וועלנ זייַנ געלערנט, ס׳וועט קלעקנ אָרט פאר אלעמענ״.

— וועג האָט דאָס לעניג געזאָגט?

דאדיַ האָט זיכ דערמאָנט: אינ 17־טנ יאָר, ווענ לעניג האָט די מאכט גענומענ...

— לעניג האָט געזאָגט: „ס׳וועט קלעקנ״! איכ האָב געגעבנ א וואָרט לעניגענ אפנ רויטנ פלאצ אונ איכ וויל ניט מער. אפנ פאבריק, דער טאטע א פאבריק־ארבעטער, די מאמע אויכ, אונ איכ — א פארבלאָנדזשעט הינטל.

דער נאטשאלניק פונ מיליציע האָט געקלונגענ אינ טעלעפאָנ אונ ארייַנגעטייַנעט דאָרטנ מיט עמעצנ:

— נייטיק, אומבאדינגט אייַנאָרדענענ, אזא צופאל. ענג? ער וועט קיינ פרעטענזיעס ניט האָבנ.

— טשוגונעק, א יאטל קלענער פונ מיר, זינגט אפ די גאסנ, — האָט דאדיַ וויַיטער געטייַנעט, — מע דארפ אימ נעמענ, אז נישט וועט ער פארפאלנ ווערנ. זיידע־אגאפ, אָט ווייס איכ נישט, — מע זאָל עפשער ניט לאכנ פונ אימ — א האָרבאטער איז ער, מע וואָלט געדארפט אימ אויכ, — האָט ווייַטער גערעדט דאדיַ צומ נאטשאלניק פונ מיליציע. נאָר טשוגונעקנ — אומבאדינגט, קאָלזמאנ ער האָט זיכ נאָכ נישט ערגעצ פארדרייט; ער איז אויכ געווענ בא לעניגענ אונ די נאָז אָפגעפראָרנ...

---

# אין לענינס פּאַרטיי

נאָכן מיטינג וועגן ביטערן „בלוטיקן זונטיק" זײַנען סטע־פּאַניטש און סעריאָגע געבליבן אין קלוב, בײַ א גלעזל טיי גע־זעסן און אַרײַנגעלאָזט זיך אין א טיפן שמועס. סעריאָגע איז א פלימעניק זײַנער. ביידע האָבן געאַרבעט אין איין ווערקשטאַט.

— איך קוק אויף דיר, פּעטער, קוק און וווּנדער זיך... בינען ביסטו אַן אַרבעט־מענטש, א מענטש, קאָן מען זאָגן, מיט ווייסנשאַפט, און דו בריקעוועסט זיך... ווי יענער אָנצײַניקער פערד, פאַרדרייסטו דעם קאָפּ פונעם זאַך האָבער אָן א זײַט.

— אין א וועלכער זײַט?

— אין אַזעלכער, אין פּאַפּקאָם אויסגעקליבן — גייסטו ניט. אין קעמערל רופט מען דיך פון ווייס־איך־וועגן — מאַכסטו זיך ניט־ווייסנדיק.

— נו?

נו, פאַרשרײַב זיך צו די קאָמוניסטן, נאָך דיר וועט דער גאַנצער ווערקשטאַט, אַלע עלטערע וועלן נאָכטון.

— מער האָסטו גאָרניט צו זאָגן?

— כּיוויל שוין הערן פון דיר א וואָרט.

סטעפּאַן האָט דערטרונקען די גלאָז, א צווייטע זיך אָנגע־צאַפּט און ערשט נאָכדעם צעוויגט זיך.

— א האַלבע מייע יאָרן אָן דער פּאַרטיי אָפּגעלעבט, נו, און ווי ניט איז געלעבט... בײַ אײַך, יונגוואַרג, איז עפּעס אַנדערש: איר גייט ערשט אויף דער וועלט, איז מאַכט איר אָרדענונג... און מיר וועלן שוין אַזוי פּאַמעלעך דערשלעפּן. מיר קלײַבן זיך שוין אין וועג אַרײַן.

אַנשוויגן געוואָרן, דער קלוב איז פאַרגאָסן מיט העלער שײַן; פון דער שײַן זײַנען בײַ יעדערן די אויגן פריילעכער. ערגעץ פון ווײַטע צימערן הערט זיך א ליד, דאָס כאָר־קרײַזל

רעפּעטירט. דעם געדיכטן רויש פון קלוב האָט פּלוצים אופגע־
שניטן עמעצנס א טרויער געשריי:
— לעניני איז געשטאָרבן...
— כאַווײרים...
אלע זײַנען אופגעשפּרונגען פון די ערטער, א יאט, וואָס
בא דער טיר, האָט זיך פאַרכלינגעט מיט די ווערטער, געלייענט
די טעלעגראַמ. סטעפּאַניטש האָט געהערט, געשעפּטשעט שטיל:
— נאַ דיר אָט... נאַ דיר גאָר... אָט א שטראָף.
— פעטער, דו גייסט?
— איך גיי, איך גיי, סעריאָזשקע...
דער קלוב איז גיך ליידיק געוואָרן.

---

אי סעריאָגע, אי סטעפּאַניטש זײַנען אהיים ניט געגאַנגען:
מע איז געלאָפן אלץ ווײַטער צו די ראָגן, צו די ווײַטע גאַסן,
וווּ אוילעמ האָט געדיכטער געשוואַרצט זיך. געלאָפן, גלײַך
מע האָט געוואָלט נאָך עפעס דערהערן. צווישן אוילעמ פילט
מען זיך עפעס בעסער:—
— איליטש...
— לעניני...
די צײַטונג־פאַרקויפער פאַרשרײַען די גאַסן, די שטאָט.
עקסטרע טעלעגראַמ... איליטש... לעניני...
דער פאַבריק־וועכטער פאַנקראַטאָוו האָט אויך געקויפט א
טעלעגראַמ, זי צונויפגעלייגט און באהאלטן אין בוזעמ. סטע־
פאַניטש גריסט זיך מיט אימ.
— אן אומגליק, פאַנקראַטאָוו.
— רעד גאָר ניט.
אוילעמ קומט צו, ווי א טײַך אין געוויסער: פאַרפלייצט די
גאַנצע ברייט פון גאַס, פאַרגייט אין די געסלעך.
— כאַווער לעניני.
— איליטש.
סטעפּאַניטש און פאַנקראַטאָוו זײַנען שווײַגנדיק געקומען
צו זייער הויז, אפ די טונקעלע טרעפ האָבן זיי זיך שווער אופ־

געהויבן. מיט שוואַרצן פליגל האָט נאַכט פאַרהילט די פּאַריזער־
סעמטע מאָסקווע, גאַנץ רוסלאַנד...
און די גאַנצע וועלט.

---

אַף דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג האָט מען געמאָלדן, מיר
גייען מיט איליטשן זיך געזעגענען. פענעמער זיינען מיט טרוי־
ער פאַרוויכערט, און אין די אויגן א נעפּל. די אַרבעט האָט
מען געוואָרפן צו מיטיק־צייט: אַהיים געלאָפן זיך אַרומוואַשן,
איבערטון זיך. אָנצאָליקע פאַבריקן זיינען טאָג און נאַכט גע־
גאַנגען זיך געזעגענען.

טאָג און נאַכט, פּרעסניא, זאַמאָסקוואָרעטשיע, סאָקאָלניקי,
ראָגאָזשא, די גאַנצע אַרבעטער־מאָסקווע.
ריייען.
ניט יעדער האָט געזען דעם פירער אין לעבן, נאָר צי איז
ער דען ניט יעדן טייער, בלוטיק אייגן!
אונטער טרויער־זעגלען פון פאָנען שווימען רייען.
קאָמיוגיסטן.
אַרבפאַקן.
זיי גייען אין קרייז דאָס פינפטע, דאָס צענטע מאָל
מאָל און נאָכאמאָל א קוק טון און פאַרגעדענקען, מיט
אויגן זיך געזעגענען.
רויטע סאָלדאַטן, שילער פון די שולן, פּיאָנערן, זיך אָנגע־
זאַמלט, ווי שוועלבעלעך אין שטורעם־צייט.
און אָט גייען פויערים מיט זעק אַף די פּלייצעס, געקומען
זיך געזעגענען מיטן אַלטן. אַף די וועגן וויגן זיך גרויסע שניי־
שטורעם, זיי פאַרשפּיצן און פאַרבן די שוואַרצע פאָנען, קרענצן
פענעמער.
סטעפאַניטש און יאַשקע דער קאָמיוגיסט טראָגן א קראַנץ
הינטער זיי אָטעמען הייס דריי טויזנט אייגענע, הונדערט
טויזנט, דער קלאַפּ פון טריט שלאָגט זיך אָן באַ די טירן
ווייסן הויז.
א קוק טון.
פאַרגעדענקען.

מיט די אויגנ זאָגנ דאָס לעצטע, זיכ געזעגענענ.

באַ די טירנ,—גלײַכ א ווינט באַ אלעמענ די היטלענ אראָפּ־געריסנ. ברייטע טרעפּ. פונ דער טיפענ̈יש און ווײַטע צימערנ—טרויער־מארש, שטיל.

מע געזעגנט זיכ.

פענעמער, פארויכערט אינ טרויער. מיט שטילנ רויש צוריק אפנ פלאצ ארויסגעגאנגענ.

---

סטעפּאניש האָט אָנגעיאָגט זײַנ פּלימעניק, איביינעם שוינ געגאנגענ.

— די האנט האָט אָפּגענומענ... אָט פאלט זי אָפּ, איבערנ קראנצ.

— וואָס־זשע ניט געזאָגט? מע וואָלט באַ דיר געווענ איבער גענומענ.

— געגוג... וואָס דאָרטנ... סעריאָזשקע, איכ האָב באטראכט א קאָמוניסט ווערנ. עמעס... די גאנצע נאכט הײַנט ניט גע־שלאָפנ און באטראכט...

סעריאָגע האָט דעמ אלטנ א קלאפּ געטאָנ אינ פּלייצע:

— אויסגעצייכנט, אינ שפּאנ, הייסט עס—ווערט גרינגער זײַנ צו שלעפּנ.

---

מ. קאָלאָסאָוו

# דרייַצן

אָט שמועסט מען ווידער, אז די פאבריק גויסעט, האלט באם פארמאכן זיך. ווי א שאָטן בלאָנדזשעט וואנקעס בלוי פאר־שמעלצט העמדל. ער הייבט ניט אָן צו וויסן, וווהין זיך א קער טון.

צום דירעקטער? ניין, פאר אים האָט וואנקע מוירע. ער איז דאפקע פון די רויטע, אן אייגענער ארבעטער, א קאָמוניסט, אָבער עפּעס פאָרט ניט היימלעך באַ אים אין קאבינעט: פון אלץ ווייט מיט שטרענגקייַט. פון די ווענט קוקן מיט רוגזע: „רעדט קורץ", „צייַט איז טייַער" אין נאָך אסאך פאפירלעך, און ער אליין, דער אלטער לעניג, איליטש, אזא ליבער און נאָ־ענטער, שמייכלט צווישן די פאפירלעך און פרעגט:

— וואנקע, ווי קומסטו אהער? אוועק, שייגעץ, שטער ניט יענעם ארבעטן...

בלייַבט — איבערן קאָרידאָר אין הויף, און דורכן הויף — אין רעמאָנט־אָפּטייל, און פונדאָרטן — צו דער קליינער טיר מיט א באשיידענער אופשריפט:



דאָ געפינט זיך
דאָס קאָמיוגישע קעמערל.

וואנקע דער יונגער איז אלט דרייַצן, און דער סטאטוט רעדט וועגן פערצן. אזוי שטייט טאקע דאָרט שווארץ אף וויַס: „אין פארבאנד ווערן אריַנגענומענע יונגע ארבעטער אין על־טער פון פערצן יאָר אָן".

און דערווייַל מעג מען מיט „באראטונג־רעכט". איַ, ווי עס גלוסט זיך ניט מיט „באראטונג־רעכט" — מאמעש א ביזויען. אָט איז בעני — א „מיטגליד", ס'הייסט — פולע „שטימרעכט". איז ער דען ניט מיט וואנקען אין איין קלאס און אין איין

ווערקשטאט? פײַוול, מישקע, סענדער, מאָטל דער דראָנג—פאר־וואָס קומט זיי יאָ?

די גאנצע צאָרע איז, וואָס דרײַצן. אמאָל טרעפט זיך, אז מע שטימט א פראגע אפ א פארזאמלונג—וואקסט אויס א וואלד קאָמיוגישע הענט. כאפט וואנקען דער יעיצער־האָרע—אויך א הייב טון די האנט אינאיינעם מיט אלע, דערוועגט ער אָבער זיך ניט: ס'דאכט זיך אים, אז יעדער קוקט און מאָנט: „וואנקע, פארגעס ניט דעם סטאטוט"...

איז אָט באגעגנט אים א כאָפּטע עלטערע, און מע רייצט אים:

וואנקע דער יונגער,
גרויס, ווי א פינגער.
איטלעכער איז אין פארבאנד,
איטלעכער הייבט די האנט,
וואנקע איינער איז א שנעק,
וואנקע האָט ניט קיין בילעט.
זאָג נאָר מיר, יאט:
וווּ איז דײַן מאנדאט?

— בײַס זיך אָפּ דעם טרייפן צונג—הערסט, אז מענטשן רעדן דאָ ערנסט?

נאָר וואנקע זיצט שוין אײַנגענורעט און פארלאָשן: וואָס קאָן דאָ העלפן, אז דער סטאטוט זאָגט: פּערצן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באנאכט שלאָפט וואנקע מיט זײַן ברודער מישקען אין איין בעט אין פינצטערן פארשטיקטן קעמערל. מישקע שלאָפט געשמאק, געזונט, הייצט די לופט מיט ברייטע נאָזלעכער. יאָגט א ביטערלעכן שווייסיקן אָטעם. וואנקע קוקט אפ מישקען, וואָס האָט שוין „שטימרעכט", כאפט מיטן אויער, ווי ס'פּויקט דאָס הארץ, עטעמט ארײַן די זויער־לופט און הייבט אָן שטילינקערהייט:

— מישקע, הער זיך אײַן, מישקע...

— וואָס איז?

— אָט, מעקויעך דעם קעמערל...

— נו, וואָס ווידעראמאָל וועגנ דער שול? מאָרגנ, מאָרגנ..

— ניינ, איכ מיינ עפּעס אנדערש...

— אלצייִנס — מאָרגנ. מע דארפ שלאָפנ...

— פארוואָס עפּעס דאפקע פונ פערצנ?

— ווער פונ פערצנ?

— אינ סטאטוט...

— אינ וואָסער סטאטוט?

— אינ קאָמיוגישנ...

— אָט צוליב דעם, אז אזוינע וואנצנ, ווי דו, זאָלנ ניט קריכנ אינ פארבאנד. צעקייַט?

— צעקייַט... אָבער, מישקע, מיט וואָס בינ איכ ערגער פונ אנדערע?

מישקע פאלט ארייַנ אינ־קאס:

— מע טאָר ניט! דו ווייסט דאָכ, שנעק, אז מע טאָר ניט — וואָס־זשע קריכסטו?

אונ שפּילט שוינ ווייַטער מיט דער נאָז אינ שלאָפ. אינ וואנ־קענ קאָכנ די געבליטנ:

— א! א רועכ זאָל אינ זיי ארייַנ, — שעפּטשעט ער בייז אונ ביטער. — מיילע, מישקע, מיילע — אונ דאָס הייסט נאָכ אנ „אקטיוויסט“.

---

שפּעט באנאכט הוליעט דער ווינט איבער דער פאָרשטאָט, ווי א פרייַלעכער קאָמיוגיסט. די שטערנ ווינקענ צו, קלייַבנ נאכעס, אונ די סימכע פארציט זיכ ביז טאָג. אונ אז ס'איז שוינ ניטאָ קיינ ווינט אונ ניטאָ קיינ שטערנ, אונ ס'איז א געדיכטער נעפּל, טוט דער לעדערנער פּעטראָ א צי דעם דינינקנ אָדער פונ פאבריק, אונ די פאבריק ברומט לאנג אונ ווייַט: — אונ — נ־נ־נ...

פאמעלעכ הייבט זיכ אופ אינ אלקערל די מאמע. מע הערט, ווי זי פּאָרעט זיכ באמ ווענטל, ווי זי האלט אינ איינ גענעצנ:

— אוי, ס'ארא דרויסנ, אזא יאָר אפנ קרעמער.

ווייַסע שאָטנדלעכ קריכנ ארומ איבער ווענטלעכ, פלאָנטערנ זיכ בא מארקסנ אינ דער באָרד. וואנקע ווייסט גוט, אז באלד

וועט זיך אופכאפּן דער טאַטע און ליבלעך א זיפץ טון: „כ׳לעבן, ס׳וואָלט ניט געשאַדט א טשײַניקל טיי. ווי מיינסטו, מאַמע?״ און דערנאָך — „היי קאָמיוג, שוין געגוג פּאָפּן״... און ס׳דאַכט זיך וואַנקען, אז דאָס זאָגט דער טאַטע מיט א קיוון: ער ווייסט דאָך, אז וואַנקע האָט ניט קיין בילעט.

אינדערפרי זשומעט דער סאַמאָוואַר, ווי אַן אַלטער שנײַדער־מעסער איבער אײַזן, פון די שויבן רינען אַראָפּ די זאַפטן פון נאַכט. דער טאַטע מיט מישקען שמועסן וועגן פּאַרטיי־אַרבעט, און די מאַמע דײַגעט וועגן וואַנקען:

— טרינק, טרינק, וואַנקעלע. נעם א שטיקל ברויט מיט פּאָווידלע, נו. ביסט אײַנגעגאַנצן אַראָפּ פון פּנים אין דער קאָמצעמאָלע אײַערער, ווײ איז מיר ניט...

און וואַנקען זידט דער פּאַרדראָס, — עס זײַנען אים פּריקרע דער מאַמעס רייד. מיטן טאַטן, מיטן ברודער גלוסט זיך אויסטײַנען וועגן זייערס. נאָר ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער?

2

די צײַט איז ווי א ריזיקע שפּיגראָד: זי וועבט און וועבט אָן א סאָף די לאַנגע שפּיצן פון טעג. כאַווער רעזניק, דער לערער פון פּאָליט־איוורע זאָגט, אז דאָס לעבן רוקט זיך צום קאָמוניזם. די בעסטע מענטשן פון אַרבעטער־קלאַס — די קאָמוניסטן — באַדינען די שפּינראָד, מיט א שטאָלענעם קאַם קעמען זיי מיליאָנען פעדעם און וועבן אויס נײַע וועלטן. און איבער אַלע איז דער ערשטער וועבער — וולאַדימיר איליטש.

עס טרעפט זיך, אז ס׳איז שווער דער שפּול, ס׳איז שווער דעם שטאָלענעם קאַם, ס׳איז שווער די אַרבעטער, — אָבער שווערער פון אַלץ איז די טירכע פון ערשטן וועבער. עס לויפן און בורטשען די רעדער, פאַרשוימט טשמאַקעט אונטער די שווונגראָד, עס ציטערן די דראָטן, עס שאָרכען די רימענע וועגן. דער ביוול־שטויב טראָגט זיך, זעצט זיך אַפּ פענעמער און אפּ העמדלעך, סאַמט דאָס לײַב — אָט־אָט טוט עפּעס א גריל, און די ריזיקע מאַשין בלײַבט געליימט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שלאָפט וואנקע אין פינצטערן פארשטיקטן כיידערל זאלבע־נאנד מיט מישקען. זעט וואנקע א כאָלעם. כאָלעמט זיך אים, אז צו דער וועבעריי שווימט צו א לאָקאָמאָטיוו פון מוירעדי־קער קראפט. „או־אוכ!״—א ברום, א ריס געטאָן דער לאָקאָמאָ־טיוו און אוועק צום יאם, און אראָפ אפ כוואליעס און שווימט. די כוואליעס פלייצן אריבער דעם דאכ, פארגיסן דאָס ביידל פונעם מאשיניסט, אין אויוון פלאמט דאָס פייער, בריט די גי־ריקע צינגער פון יאם, און עס זידן, עס זידן די נאסע שווערע שייטלעכ.

און באם אויוון שטייט דער הייצער—ער, וואנקע. פון היץ, פון בריען בלאָזן זיך בלעזלעכ אפ דער הויט. א טייגעג—אנט־לויפן פון העלישן אויוון, א שפרונג קאָפ־אראָפ אין וואסער אָפצופרישן דאָס לייב... נאָר פלוצים הערט וואנקע:—„וואָס, זיך איינגעמידט, כאווער וויינער?״ א קוק געטאָן—לעניג! „ניינ... ניט איינגעמידט, כאווער לעניג!״ „און ווי מיינסטו: מירן דערפאָרן ביזן קאָמוניזם?״ „נאָכ א מינ דערפאָרן, כאווער לעניג... „נו, אויב אזוי, טאָ קנאק, כעוורמאן: ס׳איז נאָכ גע־בליבן א היפש ביסל וועג״... „איכ הער, כאווער לעניג״.

בלעזלעכ, בלעזלעכ בלאָזן זיך אפ דער הויט; דאָס געזאל־צענע וואסער בייסט זיי און רייצט. פלוצים—סטאָפ—אנ אינדזל.

אפן אינדזל איז זומער. עס שטראָמט די זון, הייזער בליען. מענטשן גייען אנטקעגן, מיט באָרעכאבע: „גוטמאָרגן, כאווער לעניג, כ׳בינ ניט קיין קאָמיוגיסט, ס׳פעלט מיר אויס א יאָר צום סטאַטוס״... „אזוי גאָר?״ און פלוצים נעמט לעניג ארויס א שפאָגל־נייעם קאָמיוגישן בילעט און דערלאנגט וואנקען. נעמט וואנקע דעם בילעט—פון לענינס האנט! און זעט דערופ זיין נאָמען און פאמיליע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— וואנקע, וואנקע!

— וואָס אי, כאווער לעניג?

וואנקע רייסט אופ די אויגן און זעט מישקען.

— וואָס אי? ווו איז דער בילעט? דער בילעט...

— וואָסער בילעט?

— דער קאָמיוגישער!

— וועמעס?

— מײַנער!

— פונוואנען?

— פון לעגינס האנט...

און פלוצים האָט וואנקע זיך אָנגעשטויסן, אז ס'איז נאָר געװען א כאָלעמ. און ער האָט אים מיט א ביטער געמיט דערציילט מישקען. יענעם האָט די מײַסע גערירט:

— כ'זע, וואנקע, אז דו וואקסט א קאָמיוגיסט — אן אנטיק. נאָר וואָס קאָן איך העלפן, אז איך ליג דאָך אויך אין דריערד, ווי דו: דו מיטן קאָמיוג, איך מיט דער פארטיי... פונקט די אייגענע צאָרע: עס פעלט מיר א יאָר צום סטאַטוט!

— עמעס טאקע, מישקע, לאָמיר זיך געבן די הענט — אייבעראיאָר ביידע אינײנעם ארײַנטרעטן!

— ווײַז די פינגער...

געריבן מיט די צינגער ביז טאָג.

ווידער מורמלט דער סאמאָוואר, ווי א פארזשאווערטער שנײַד־מעסער איבער בלעך, ווידער ריגנ־נען אראָפ פון שויבן די זאפטן פון נאכט. וואנקע דערציילט באם טיי זײַן כאָלעמ.

— גאָט מײַנער, ס'ארא כאָלעמ, זאָל דאָס כאָטש זײַן צום גוטן, — זיפצט די מאמע. נאָר וואנקע הערט זי אפילע ניט.

— און ווי ער האָט דאָס א פרעג געטאָן: „צי מירן דערפאָרן ביז קאָמוניזמ?" ענטפער איך אים: „נאָך א מינוט דערפאָרן, כאווער לענין!"

און אזוינס האָט זיך נאָך קײנמאָל ניט געטראָפן, — פילט וואנקע. ס'האָט זיך אויסגעשטרעקט דעם טאטנס קרעפּטיקע האנט. אָט האָבן א שטאָך געטאָן די האָר — א באָרד, ווי א שווארצער בעזעם, „צאָק־צאָק" — הייסע ליפּן אפ וואנקעס שטערן.

---

אי. קיפּניס

# מאָטיק

א ווינטערדיקער אפּדערנאכט. באַם טיש זיצן אלע און עסן אָוונטברויט. א גרויסער צוועלפער לאָמפּ באַלײַכט דעם טיש מיט די עסנדיקע. דער טאטע זאָגט: ס׳איז טונקל,—און דרייט ארויס דעם לאָמפּ. די מאמע זאָגט: דאָס גלאָז וועט פּלאצן,—און דרייט אביסעלע ארײַן דעם פלאם. די עלטערע כעוורע זיצן און קײַען די וועטשערע און קוקן אויך צום לאָמפּ. נאָר אײנ יאט, דער סאמע ייִנגסטער, מאָטעלע, הייסט ער, האָט זיך ניט געניייטיקט קיינמאָל אין קיין לאָמפּ. אים איז געווען פינצטער סײַ באטאָג, סײַ באנאכט, סײַ בא אָפענע לאָדן, סײַ בא פאר־מאכטע. מאָטיק איז פון געבוירן אָן בלינד אףביידע אויגן און ער איז דאפקע א געראָטן קינד.

אלע זיצן און עסן, און מאָטיק, וואָס קומט אויס טאָמעד, ווי פארטראכט, קאָנט איר אים זען קנעטן אין די פינגער ווייכע שטיקעלעך ברויט און אויספלעכטן פון זיי וווּנדערלעך שיינע קעצעלעך, הינטעלעך, פייגעלעך און גלאט דריידלעך, אָבער טאקע קונציקע ביז גאָר.

דער טאטע איז בייז, פארוואָס מאָטיק עסט ניט, און דער טאטע זאָגט:

— שוין א פולע שטונדע מיט צאצקעס. האָסטו געזען, א ייִנגל זאָל זיין פארטאָג טאָג אזויוי נאכט מיט צאצקעס?

איין זאך פלעג דער טאטע יאָ נאָכגעבן מאָטיקן.

מאָטיק פלעג ליב האָבן מײַסעס הערן, און אין די שפּעטע אָוונטן פלעג ער אים אָנדערציילן א פולן קאָפּ מיט מײַסעס און געשיכטעס פון אלטע צײַטן.

פּלוצים איז אין מאָטיקן פאָרגעקומען א גרויסע ענדערונג. אײַזיק האָט אים אָנגעהויבן מיטנעמען מיט זיך אין שול ארײַן,

ער זאָל זיצן אפּ די לימודים. מאָטיק פלעג קומען פון שול זייער אופגעלעבט. ער האָט זיך אופגעהערט אינטערעסירן מיט געשיכטעס פון אלטע צײַטן. אים איז איצטער געלעגן אין קאָפּ עפּעס אנדערש. די לעצטע צײַט האלט ער זיך אין איין נאָכ־פרעגן וועגן עמעצן. אָבער די פראגעס, וואָס ער פלעג פאר־געבן אינדערהיים אלעמאָל, זײַנען געווען אזויווי זײַטיקע אזעלכע. ער זיצט אמאָל מיט זײַנע פארמאכטע אויגן לאנג, לאנג פארטראכט. דער קאָפּ איז אים ארײַנגעזעצט טיף אין די אקסלען, ווי ער וואָלט גאָר געשלאָפן. און פּלוצים טוט ער א פרעג, אזויווי אין דער וועלט ארײַן.

— מאמע, דו ווייסט ניט, וויאזוי ער איז געווען אינדער־היים?

— ווער איז?

שווײַגט ער. האָט זיך ווײַטער פארטאָן אין זיך און האָט זיך פארטראכט.

— אפּ וועמען פרעגסטו עס, מאָטיק?

— וואָס?

— אפּ וועמען פרעגסטו עס, וויאזוי ער איז געווען אינ־דערהיים?

— איי, דו האָסט אים סײַווי ניט געזען.

— וועמען?

און מאָטיק שווײַגט ווײַטער. ער קלערט. ניט יעדן וואָלט געווען גרינג זיך אָנשטויסן, וואָס אזא איינער קאָן קלערן. בא דער מוטער אָבער שטייען טרערן אין די אויגן, און זי זוכט אָפּט מיט וואָס צו באפרידיקן איר מינדסט קינד, וואָס האָט קיינמאָל ניט געזען קיין ליכטיקן שטראל, וואָס וועט דארפן בלינדערהייט גיין אין לעבן ארײַן. אָטאָ זי האָט דאפקע געוווסט, וואָס ער פרעגט. שוין באלד א האלב יאָר צײַט, אז לעניןגייט אים ניט ארויס פון קאָפּ. אז ער בלײַבט אמאָל מיט איר אליין, דערציילט ער איר אָן זאכן, וואָס זי ווייסט ניט, פונוואנען זײַ־נען זיי צו אים געקומען, און אלץ ענדיקט זיך בא אים מיט לענינען. בייסמײַסע פירט ער ארום זײַנע פינגער איבער איר פּאָנעם.

ניט לאַנג האָט ער אויסגעקלעפּט פון ליים אַ מענטשנס פּאָנעם, און ס׳איז אינגאַנצן געווען זײַן מוטערס געזיכט.
די מוטער האָט געכאַפּט און באַהאַלטן די סטאַטועטקע. זי ווייסט, אַז דער טאַטע וויל ניט ליידן, וואָס מאָטיקס קאָפּ ליגט אין קלעפּן. און אַמאָל קאָן ער נאָך ווערן אינקאַס, דער טאַטע, און עס צעבּרעכן אויך.
— אײַזיק, — טוט ער איינמאָל אַ פרעג דעם בּרודער, וואָס איז עלטער פון אים אָפּ צוויי יאָר.
— נו, — ענטפערט אײַזיק און וואַרט, וואָס וועט ער זאָגן.
שווײַגט ער און שווײַגט. דערנאָך לאָזט ער זיך גיין, טאַפּנ־דיק מיט די הענט פאַר זיך, גלײַך צום בעט (פונדאָרטן איז געגאַנגען אײַזיקס קאָל). ער טאַפּט, ביז ער טאַפּט אָן אײַזיקן פאַר אַ האַנט. און דאָס פּאָנעם צעשפּרייט זיך בּאַ אים אינדער־ברייט: וואָס, עס איז טאַקע ער, אײַזיק?
— נו? פרעגט אים אײַזיק.
— שווער מיר, — מאַכט מאָטיק, — אַז וועסט פאַר קיינעם ניט אויסזאָגן.
— מיר מעגסטו גלויבּן אָפּן וואָרט.
— אָפּן פּיאָנערישן?
— אָפּן פּיאָנערישן.
אין וויפל טעג אַרום וועלן זײַן די „טעג“?
— רעד קלאָרער. איך פאַרשטיי ניט אַזעלכע פראַגעס: „אין וויפל טעג אַרום וועלן זײַן די טעג?“ דו האָסט שוין געזען אַמאָל אַזאַ פראַגע?
— גיי, ביסט אַ נאַר, — מאַכט מאָטיק, און סע ציט זיך אויס בּאַ אים אַ בּרייטער שמייכל איבּערן פּאָנעם, וואָס קוקט ניט אַרויס צו דער וועלט אפילו מיט קיין איין טאָפּליעלע, — אַז איך פרעג, מעגסטו שוין זיך דאַפקע אָנשטויסן, אָפּ וועלכע איך מיין, טאַקע די לעניניטעג.
— די לעניניטעג? אָט אַזוי־זשע רעד! די לעניניטעג... הײַנט איז דער זיבּעצנטער, האָבּן מיר נאָך פיר טעג... נו?
— האָבּ איך אויסגעקלעפּט...
אײַזיק טראַכט, וואָס אַזוינס האָט מאָטיק געקאָנט אויסקלעפּן.

— נאָר איך און די מאמע ווייסן. די מאמע האָט מיר גע־האָלפן מאכן ליים.

— ווו שטייט עס?

— בא מיר אונטערן בעט.

— און וויאזוי האָסטו געמאכט, אז דער טאטע זאָל ניט זען?

— א־א! מיר איז גוט,—זאָגט וויטער מאָטיק, איך פאר־שפּאָר אָנצינדן א לאָמפּ צו דער ארבעט. באנאכט, אז אלע שלאָפן, שטיי איך אוף און איך קלעפּ...

— וואָס־זשע האָסטו אויסגעקלעפּט?

— עס הייסט „צו לעֶנינען".

אייזיק איז געוואָרן אָנגעפילט מיט אָן א שיר ווארעמקייט אין הארצן. מאָטיק האָט עס באלד דערפילט און זיך אויסגע־גלייכט מיט אינעווייניקסטן שטאָלץ.

— ווייסט,—האָט מאָטיק א זאָג געטאָן,—מירן טאקע נעמען און מירן עס ארופשטעלן אפן שליטעלע און צודעקן.

— גוט.

— און אז די כעוורע וועלן פרעגן?

— וועלן מיר זאָגן, אז עס דארף זיין צוגעדעקט ביז די לע־נינ־טעג.

— נאָר די לערערקע מעג עס זען.

און עס איז אזוי געבליבן. די כעוורע האָבן צווישן טאָג און נאכט איבערגעפּעקלט די שווערע סקולפּטור אין שול אריין.

אלע עלטערן און די ארבעטער פון פאבריק, וואָס זיינען געקומען אין שול אריין אפן לעניניאָוונט, האָבן געזען א ווונדערלעך שיינע זאך, וואָס א בלינד קינד האָט אויס־געקלעפּט.

פון ליים איז געווען אויסגעקלעפּט א בילד, א קאָמפּאָזיציע, ווי מענטשן אלערליי: מענער, פרויען און קינדער— אָרעמע, אויסגעדארטע און פארכווישעכטע—לויפן מיט אויסגעשטרעקטע הענט און צעעפנטע שרייענדיקע מיילער פאָרויס. פאר זיי שטייט לעניו מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט אינדערוויט.

— אזוי ענלעך,—האָט מען זיך געכידעשט,—ער האָט דאָך אים קיינמאָל ניט געזען.

ערשט איצטער האָבן זיך די קינדער דערמאָנט, אז זיי האָבן אים עטלעכע מאָל געטראָפן, ווי ער שטייט און טאַפּט ארום, שארעוועט מיט די פינגער לענינס ביוסט אין שול, אין קלוב, אין ביבליאָטעק.

— פון דעם קינד, — האָט די לערערקע געזאָגט, — וועט אויס־וואקסן א גרויסער קינסטלער! ניט אומזיסט איז ער ארומגע־גאנגען און איז געווען פארטיפט מיט לענינען א האלב יאָר דורכאנאנד. מירן אים אָפּשיקן אין שטאָט אריין זיך לערנען. דאָרטן זיינען דאָ ספּעציעלע שולן אזעלכע.

— מירן אים אומבאדינגט אָפּשיקן.

---

צ. טוזמאַן

# יאָסיקס כאָלעם

יאָסיק דער קלײנער געדענקט נאָך, אַז ער האָט געהאַט אַ באָבע. זי איז געװען אַ נידעריקע מיט אַסאַך טיפֿע קנײטשן אױפֿן פּנים און מיט װאַרעמע װאַסערדיקע אױגן.

פֿאַראַיאָרן האָט גענומען די באָבע און זיך אַװעקגעלײגט אױף דער ערד, מ׳האָט זי צוגעדעקט מיט אַ װײַסן לײַלעך און אים, יאָסיקן, האָט מען אַװעקגעטראָגן צו אַ שכנטע. הײַנט איז שױן די באָבע ניטאָ. די מאַמע זאָגט, אַז זי איז געשטאָרבן...

אַז ער פֿלעג בלײַבן מיט דער באָבע אײנדערהײם, פֿלעג זי אים מײַסעלעך דערצײלן:

„אַמאָל איז געװען אַ קײסער, און דער קײסער האָט געהאַט אַ פּרינצעסן, האָט זיך די פּרינצעסן פֿאַרליבט אין אַ בעטלער...“

יאָסיק האָט בלאָװע אױגן, און זײַן כאַװער שימקע — שװאַרצע אױגן. קומט שימקע מיט די שװאַרצע אױגן צו יאָסיקן אַהײם, און זײ דערצײלן זיך מעשׂיות.

װען יאָסיקס מאַמע גײט נאָך אַװעק אין קאָאָפּעראַטיװ, איז אַ פֿאַרגעניגן. שימקע געפֿינט ערגעץ אַ פּאַטשײלע און טשעפּעט איר אָן אױף דער אײַזערנער קאָטשערקע. יאָסיק געפֿינט דעם טאַטנס גרױע העמדל, און זײ שפּילן אין רױטאַרמײער:

— איך װעל זײַן דער עלטסטער, — זאָגט יאָסיק.

— און איך װעל זײַן אַ רױטאַרמײער, — זאָגט שימקע.

און זײ נעמען בײדע אַרומגײן איבערן צימער. יאָסיק קלאַפּט מיט אַ לעפֿל אין דער מעשענער פֿאַן, שימקע טרומײטערט אין אַ שטיקל פּאַפּיר, און ס׳איז זײ פֿרײלעך.

אײנמאָל זאָגט יאָסיק צו שימקען:

— װײסט װאָס, שימקע? לאָמיר שפּילן אין לענינצעס. איכ׳ל זײַן לענין און דו אַ פּיאָנער...

און ס'גייט אוועק א גאנג.

זיי האָבן ביידע ארויסגערוקט אינמיטן צימער דאָס טישל, אפ וועלכן עס שטייט דער סאמאָוואר; אפן טישל האָבן זיי אוועקגעשטעלט דעם הילצערנעם טאבורעט און אפן טאבורעט — דער מאמעס שקאטולקע. נאָכדעם איז יאָסיק ארופגעקראָכן אינדערהייך און אזוי־וי לעבנ אפן בילד אויסגעצויגן די האנט (נאָך אביסל — דערלאנגט ער מיטן פינגער די סטעליע) און רופט זיך אָן צו שימקען:

— הערסט, שימקע...

ער האָט נאָך ניט באוויזן אויסריידן, אז ס'טוט זיך א קער־איבער דער טאבורעט, ס'טוט זיך א דריי אויס די שקאטולקע, נאָכדעם טוט ער זיך אליין א שאָקל הין און הער און פאלט אויך אראָפ...

ס'וואָלט אים שוין ניט געארט, יאָסיקן, די וואווקע, וואָס ער האָט געמאכט אפן ליפ, נאָר ער מיינט, יאָסיק, אז דאָס האָט אים לעניני אָפגעטאָן א שפיצל, ווערט ער טרויעריק, און די בלאָווע אויגן זיינע ווערן נאָך בלאָוער...

דער טאטע יאָסיקס איז א קאָמוניסט און ארבעט אין א לע־דער־זאוואָד. אפדערנאכט קומט ער צו גיין, טוט אויס זיין לע־דערן רעקל, און די מאמע דערלאנגט אים טיי.

— טאטע!—פרעגט אים יאָסיק, קוקט אפן וואנט, ווו ס'הענגט לענינס בילד,— לענין איז שוין טאקע אפדערעמעסן געשטאָרבן?

— געשטאָרבן,—זאָגט דער טאטע און פארקלערט זיך...

— לענין איז טאקע געווען א גוטער?...

— זייער! — זאָגט דער טאטע.

דער טאטע לייענט א צייטונג, און יאָסיק וויל אים ניט שטערן. אן אנדערש מאָל דערציילט אים דער טאטע וועגן לענינען, וועגן אמאָליקע „סטראזשניקעס“...

יאָסיק האלט זיך ניט איין.

— טאטע! א סטראזשניק האָט אויגן?

— יאָ.

— און אויערן?

— אויך.

— און א בויך?
— אויך.
דער טאטע האָט אים דערציילט, אז לעניִן האָט פײַנט געהאט סטראזשניקעס. ווען ער, יאָסיק, דערזעט איצט א סטראזשניק, וואָלט ער אים שוין באוויזן...
באנאכט, ווען אלע זײַנען שוין געשלאָפן, האָט זיך יאָסיק אופגעכאפט, ער איז שלעכט געשלאָפן און אויסגעוויזן האָט זיך אים, אז ער האָט שטיל־שטיל אופגעעפנט די אויגן, אז אין צימער איז געהאנגען א דינער זילבערנער נעפל און די לע־וואָנע האָט מיט זילבער געלאכט דורכן פענצטער...
ס'איז געווען שטארק שטיל... אפן וואנט איז געהאנגען א בילד. אפן בילד איז געשטאנען לעניִן, די הענט אין די קעשע־נעס, און געשמייכלט צו אים, צו יאָסיקן. ער ווייסט שוין פון־לאנג, יאָסיק, אז ווהין ער זאָל זיך ניט א דריי טון, קוקט לע־ניִן אף אים.
נאָר... אָט האָט זיך בא לעניִנען א ריר געטאָן די האנט. באַלד דערנאָך האָט ער זי ארויסגענומען פון דער קעשענע און איז אראָפ פון וואנט...
ער האָט זיך אוועקגעשטעלט אינמיטן צימער, זיך א צי גע־טאָן, א גלעט געטאָן מיטן האנט איבערן שטערן און איז ארויס דורכן פענצטער...
יאָסיק האָט זיך אויך אופגעהויבן און שטיל־שטיל אף די שפיץ־פינגער אויך ארויס...
לעניִן איז געגאנגען פאָרויס און האָט, ווײַזט אויס, ניט גע־זען יאָסיקן. יאָסיק איז נאָכגעגאנגען הינטן. נאָר אָט דערזעט ער, יאָסיק, אז... זיי גייען גאָר איבער וואָלקנס, פונויבן שײַנט די לעוואָנע, און די וואָלקנס זײַנען זילבערנע...
לעניִן האָט מיט איין האנט זיך אָנגעשפארט אין דער לע־וואָנע און מיט דער צווייטער האָט ער זיך ארופגעגראבלט אף א גרויסן שטערן... ער טוט א קוק, יאָסיק, זעט ער: לעניִן שטייט א הויכער אפן שטערן, און ער, יאָסיק, שטייט אויך און דער־גרייכט אים מער ניט ווי ביז די קני. ער טוט א קערעווע דעם קאָפ, זעט ער, ווי לעניִן קוקט אף אים און שמייכלט...

— וואָס האָסטו זיך אזוי געזאמט ? — זאָגט צו אים לעניג, און זײַנע ווערטער גיסן זיך פון מויל, ווי ווארעמע זילבערנע וואָל־קנדלעך..

נאָכדעם ציט ער אויס די האנט און ווײַזט יאָסיקן א גרויסן שטערן. און דער שטערן איז ניט פײַערדיק, נאָר ליכטיק בלוי, קײַלעכדיק...

— זעסט, — זאָגט לעניג, — אָט דאָרטן זײַנען נאָך דאָ בורזשויען, וועלן מיר זיי באלד אראָפּוואַרפן...

— און סטראַזשניקעס זײַנען דאָרט אויך פאראן ? — פרעגט יאָסיק.

נאָר אָט זעט ער, אז ארום און ארום פינקלען שטערן, און די וואָלקנס זײַנען זילבערנע, און פון אונטן צווישן די וואָלקנס גייט ארום שימקע...

— אהו !.. שימקע !.. — טוט יאָסיק א געשריי און לייגט צו די פינגער צום מויל, — אהו ! קום אהער !..

נאָר אָט שטייט שימקע מיט א ביכל אונטערן האנט, און ער, יאָסיק, ליגט א פארשוויצטער אין בעט. שימקע קײַכט פאר געלעכטער, און די מאמע איז פון קיך ארויסגעלאָפן.

— האָסט געהערט אביסל, ווי ער שרײַט עס פון שלאָף ? מע קאָן די באבע פון יענער וועלט אופוועקן...

איצט ווייסט יאָסיק, אז עס איז א כאָלעם. נאָר יאָסיק איז אלט נײַן יאָר און האָט בלאָווע אויגן, האָט א כאַוועך שימקע און האָט ליב לעניגען, אזויווי דעם טאטן מיט דער מאמען, — וועט ער קיינעם דעם כאָלעם ניט דערציילן...

שימקען וועט ער דערציילן, ווײַל שימקע וויל ווערן אן אָקטיאַבערל און שימקע האָט אויך ליב לעניגען, אזויווי דעם טאטן מיט דער מאמען...

---

ל. קוויטקאָ

# דער שענסטער נאָמען

איז העכער פון בערג
און העלער פון לויטערע שטראָמען —
דער טייערער נאָמען.

דער טײַערער נאָמען,
ער פלאַקערט און פירט אונדז אין קריג
און פירט אונדז צום זיכערן זיג.

בּאַ וועמען עס שײַנט
מיט ליכט די שפּראַך און אויגן ברענען, —
דער ווייסט פונעם נאָמען,
דער ווייסט אים,
דער קען אים.

דער ווייסט,
אַז דער נאָמען דער שענסטער איז — לענין.

ד. מאלטינסקי

# לעניִן

יעדן קאַנט, יעדן לאַנד
איז זײַן נאָמען באַקאַנט.
אומעטום, וווּ אירווילט,
וועט איר זען לעניִנס בילד.

וואָס אַ יאָר, מער אַ יאָר,
ווערט זײַן וועג מערער קלאָר.
אין די לענדער פֿון נויט
זײַן געדאַנק ווערט פֿאַרשפּרייט.

אין די לענדער פֿון פּײַן
לעניִנס שײַן דרינגט אַרײַן.
לעניִנס וואָרט, לעניִנס האַנט
פֿירט צום זיג אונדזער לאַנד.

ע. פײַנבערג

# טעלעגראַמעס

1

דעם טאַטן — װער װעט איבערפֿרעמד דערקענען אים? —
איז קאַלט, איז הונגעריק, איז װיסט, איז גרוי.
האָט אַ בריװ דער טאַטע אָנגעשריבן לעניען:
„לעניע, װיסן זײַ: אַזוי און אַזוי,
אינצװײען זײַנען מיר געבליבן נאָך דעניקינען,
אָן אַ שטוב און אָן אַ נאַכטלעגער, און אָן אַ העמד.
איך מיט צאַליקן. די טעג פֿון הונגער שטיקן אונדז,
מיר קרענקען אין דער קאַלטער פֿרעמד.

לעניע, װי נאָר עס קומט די בריװ צו הענט צו דײַנע אָן,
פֿאַרשטײ, װי ס'איז דער בײזער װינטער גרױס.
באַפֿעל אַהערצו, באַלד מע זאָל אַרײַננעמען
דעם קלײנעם צאַלין אין אַ קינדערהױז.

עס בעט אַן אַלטער סטאָליער זיך, אַ ייִד אַ קאַליקע.
דו װעסט אים ענטפֿערן, ער װײסט עס פֿעסט"...
אַרײַנגעװאָרפֿן האָט די בריװ אין קעסטל צאַליקל,
געפּלאָנטעט שוין האָבן דאַן אין שטאָט אין פֿרעמדער פֿרעסט.

פֿרעסט מיט שטורעם־װינטן שטעכיקע געװעלטיקן,
און ניטאָ קײן דאַך, ניטאָ קײן בעט, ניטאָ קײן שיך.
אין קאַלטער קאַמער בלאָזט און שנײַדט פֿון יעדן שפּעלטיקל.
אױ, זאָל לעניע ענטפֿער שיקן גיך.

דער איספּאָלקאָם באַקומען האָט אַ טעלעגראַם:
„אין שטאָט אין איַיערער אַ סטאָליער מיט אַ קינד פּאַראַן.
איספּאָלקאָם! דו זע, דער אַלטער סטאָליער,
באַלד אין שטאָט געפינען ווערן זאָל ער.

און נעמען זאָל מען באַלד באַ אים דאָס קינד.
אין קינדערהויז אַריַינעמען געשווינד.
כאָטש אַלע קינדערהיַיזער פול שוין זיַינען..."
אַפּ טעלעגראַמע געווען אַ כסימע „לעניו".

דער איספּאָלקאָם האָט זיך אַרומגעיאָגט,
אַרומגעזוכט — און אַפן דריטן טאָג
באַם עק פון שטאָט אַ קעמערל געפונען,
דעם אַלטן סטאָליער, צאַליקן — דערינען.

אין דעמזעלביקן ווינטער אָפּדערנאַכט
דער טאַטע האָט פאַרמאַטערט און פאַרשמאַכט
דעם קליינעם צאַליקן אין קינדערהויז געבראַכט
און האָט געזאָגט — געהערט עס האָבן אַלע:
— עס האָט דיך לעניו שוין באַוואָרנט, צאַלי, —
און צו דעם דיל איז טאַטע אומגעפאַלן,
טויט געפאַלן...

2

אין דער שטאָט דער פרעמדער אין אוקראַינע
אָנגעקומען צוויי וואַגאָנעס מיט ציגיַינער.

פון די סטעפּן הינטער שטאָט סאַמאַרע,
מיט צעגלאַנצטע אויגן, לאַנגע, דאַרע.

שוין הונדערט הונגעריקע פיַין-באַטאָגן
דורך הונדערט פרעמדע שטעט אַרומגעוואָגלט.

שטייען זיי אין מיט שטאָט און זיי פרירן:
„גיב אונדז ריפּטלעך ברויט און גיב אַ דירע."

איז די שטאָט דאָך אָרעם און צעוואַלגערט,
קאָן ניט העלפֿן די ציגײַנערס פֿון דער וואָלגע.

„ווּ זאָל מען, ציגײַנערס, נעמען שפּײַז אײַך,
אַז דעניקין האָט באַגאַזלט אַלע הײַזער,

אַז געטאַנצט דאָ האָבן ווילדע הײַדאַמאַקעס,
אַז די גאַנצע שטאָט דאָ גייט הויל און נאַקעט?"

די ציגײַנער־כאַפּטע טײַנעט טײַנע אירע:
„גיב אונדז ריפּטלעך ברויט און גיב אַ דירע."

טײַנעט שטאָט: „אײַ, פֿאָרט אײַך, גייט אײַך
ערגעץ אַנדערש, אין אַ שטאָט אַ צווייטער.

עפּשער איז די שטאָט די צווייטע זאַטער.
מיר זײַנען פֿאַראָרעמט און פֿאַרמאַטערט".

שרײַט ציגײַנער־כאַפּטע, שעלט און כליפּעט:
„און ציגײַנערלעך, די קינדערלעך, וואָס אין טיפֿעס!

ווײַטער קליינע קינדער מיט זיך שלעפּן,
אַז זיי זאָלן שטאַרבן אויף די סטעפּן!"

האָט די שטאָט באַשלאָסן דעמאָלט אָנצופֿרעגן,
אָנצופֿרעגן מאָסקווע־הויפּטשטאָט: צי זיי מעגן

ציגײַנערלעך פֿאַרפֿרוירענע, צעדולטע
אַרײַנעמען אין קינדערהײַזער אָנגעפּילטע...

איבער פֿעלדער אין ווײַסן שנייען־אומעט,
טיף באַנאַכט איז ענטפֿער אָנגעקומען:

„איספּאָלקאָם, די קינדער פֿון ציגײַנער
צעטייל זיי באַלד אין קינדערהײַזער דײַנע,

צעטײל זײ באַלד, מעג דונערן, מעג ברענען...״
אפ טעלעגראַמע געװען א כסימע: „לעניג״.

זײַנען דעמאָלט די ציגײַנער אָפּגעפאָרן,
ניט באַװוּסט—קײן מײַרעװ, צי קײן דאָרעם.

ניט באַװוּסט דער סאָף פון זײער רײַזע.
ציגײַנערלעך פארבליבן אין די קינדער־הײַזער.

3

עך, קאַלטע קאַמערן... עך, ציגײַנערשע װאַגאָנען...
אפ די קינדערהײַזער פאָכן רויטע פאָנען,
פון די װענט אין קינדערהײַזער קוקט א פאָנעם.

עך, עס קענען עס דאָס פאָנעם קינדער קלײנע.
ס׳קוקט: עס לויפן צאַליק מיט ציגײַנערל אינײנעם,
ס׳קוקט: זײ שפּילן זיך, זײ לאַכן און זײ װײנען.

אין די קינדערהײַזער װױנט א װוילער פעטער,
פּײַפט א שטורעמווינט און שנײַדט און שמעטערט—
פון דער װאַנט אראָפּ מיט אויגן מילדע גלעט ער,
אַלעס װײסט ער, אַלעס קאָן ער, אַלעס זעט ער.

איז אין שטאָט א גאָרטן דאָ א גרײַזער,
דעם גאָרטן האָט געפלאַנצט אמאָל א רײַכער פּאָרעץ.
הײַנט פירט צום גאָרטן גאַס פון קינדער־הײַזער,
הײַנט שפּילן זיך אין גאָרטן קינדער קלאָרע.

קינדער קלאָרע, פרײלעכע שװאַרצאַפּלען,
ײדעלעך, ציגײַנערלעך, אוקראַינערלעך.

אז ס׳װערט פרײַ דער ליכטיקער אינדרויסן —
אינעם גאָרטן לויפן זײ און רוישן.

װעלן װײיען, װעלן בלאָזן װינטלעך לינדע,
אינעם גאָרטן לױפֿן זײַ און רױשן.

װעלן קומען גרױסע, קלאָרע פֿרילינגען
אינעם גאָרטן גלעטן צאַלי שטיליניקן.

װעלן קומען יאָרן פֿײַנע, פֿײַנערע
אינעם גאָרטן קושן קינד־ציגײַנערל...

פֿון די װענט אין די קינדערהײַזער שײַנט א פּאָנעם,
אױף די קינדערהײַזער פּאָכן רױטע פֿאָנען.

**אי. פעפער**

# האָט לעניב געזאָגט

(פון בוך „געפונענע פונקען")

„זאָל טאָגן אָ־דאָרט,
ווו ס'האָט נאָך ניט געטאָגט!"

מיט ווערטער מיט פּראָסטע
האָט לעניב געזאָגט.
„דאָס ליכט אהין,
„ווו ס'איז שטענדיק נאכט!"

האָט לעניב געזאָגט...

— — — — —

האָבן אלטע געלאכט.
פון שטעטלעך און שטעט
זיינען יונגע אוועק,
פון דאָרף און פון וואלד
אף די טייכן אוועק,
מיט גלויביקע אויגן,
מיט האמערס און העק.
„זאָל טאָגן אָ־דאָרט,
ווו ס'האָט נאָך ניט געטאָגט!"

— — — — — —

מיט ווערטער די פּראָסטע
האָט לעניב געזאָגט.

אי. פעפער

# אילײטש

מאָסקווע, קרעמל.
א ראַדיאָ צו אַלע...
א שוואַרצע ראַדיאָ אין ווינטערדיקן סטעפּ.
אין אומעטיקע שטעט, אין גרויע דערפער פאַלן
שוואַרצע ווערטער, גרויזאַמע אַף הוילע קעפּ.

בײַ פרישן קײווער שטייען מיר ווי קינדער,
און וועג איז אַזוי ווײַס, און טאָג איז אַזוי שוואַרץ.
ס׳איז דאָ אַזויפיל פראָסטער לעניִנס ווונדער
אין אונדזער שטאָלענעם און ווייענדיקן האַרץ.

מאָסקווע, קרעמל.
א ראַדיאָ פון אַלע...
אַן אַנדער ראַדיאָ, א צווייטע ראַדיאָ פליט:
אילײטש איז דאָ, מיט אַלע און בײַ אַלע
אין אונדזער הייסן בלוט, אין שטרענגע קאַלטע טריט.

ס׳איז דאָ א וואָרט, וואָס וועט א וועג אונדז ווײַזן,
און מענטשן פּראָסטע איז דאָ דאָך אָן א צאָל.
ס׳איז דאָ א לאַנד פון פעלדער און פון אײַזן
א לעניִן־לאַנד פון קאָרן און פון שטאָל.

מיר זײַנען אַלע דאָ.
מיר זײַנען קאָמונאַרן.
און הייס איז אונדזער בלוט, און פעסט איז אונדזער לאַנד.
אין דערפער און אין שטעט, אַף פעלדער, טראַקטאָרן —
מיר זײַנען אומעטום
מיט לעניִנס פאָן אין האַנט!

א. בעזימענסקי

(יידיש—א. קאַוונער)

# פּאַרטיי־בּילעט נומער 224 332

פאַרשוואַרצטע אַרבּעט־הענט די גאַנצע וועלט צעטראָגן,
די ערד צעשניטערן...
עס פּעלט עפּעס אין האַנט...
— דערציייל, פּאַרטיי מיַינע, וואָס זוכסטו דאָרטן, זאָג מיר?
אַ טרויער־קאָל מיר ענטפערט:
— אַ פּאַרטיי־בּילעט.
נאָר איין פּאַרטיי־בּילעט... און האַרץ איז גרייט זיך שפּאַלטן,
און ציטער פלאַקערדיק אין האַרצן זיך צעבּרענט...
ערשט נעכטן האָב איך אים נאָך אין די הענט געהאַלטן,
נאָר טויט געשלאָגן האָט —
געפאַלן דער בּילעט...

— היי, פּראָלעטאַריער, היי, קלאַפּט אין אַלע טירן!
צי דען איז ער ניטאָ, איז טויט גערעכט אַזוי?
נאָר איין פּאַרטיי־בּילעט... אַ קליין בּילעט פאַרלירן,
און מוירעדיק דער בּלויז אין קערפּער פון פּאַרטיי...

כ'האָב די פּאַרטיי געהערט, איר וויייטעק בּריט מיט פלאַמען,
נאָר ס'האָבּן מוסקולן פאַרפולט די האַנט מיט שטאָל:
— פּאַרטיי מיַינע, מיט דיר! מיט דיר בּין איך צוזאַמען.
היי, הערסט פונעם ווערקשטאַט דעם פּראָלעטאַריערס קאָל?!..

זאָל זיַין, אַז האַרץ פאַרשטיקט, און וויייטעק זאָל ווי שווער זיַין,
איך שיק אַ הילף צו דיר — מיליאָנען שטראָם צעבּרוויזט!
אַ שטראָם פון אַרבּעטער, מיט פאָן פון קאָמינטערן,
וועט אין פּאַרטיי פאַרפילן מוירעדיקן בּלויז.

און איך — דער ערשטער גיי, פון לאַנד פון די סאָוועטן.
— היי, הערסט, פּאַרטיי, איך שווער! איין יאָר פאַרבּיַיגיין וועט,
און ס'וועלן הונדערט־טויזנטער פּאַרטיי־בּילעטן
פאַרבּיַיטן לעניגשן פאַרלוירענעם בּילעט!

ד. האָפשטיין

# לעגינס מאוואָליי

א מאוואָליי
פון האָלץ,
א מאוואָליי
פון שטיין —
שטאָלץ
וועט שטיין,
ווײַל אין אים
דײַן געביין,
ווײַל אין אים
דו אליין.

און פאר אים
ריי נאָך ריי,
פאָלק נאָך פאָלק,
פאָלק נאָך פאָלק
וועלן מיר גיין,
ווײַל אין אים
דײַן געביין.

איבער לאנד,
איבער וועלט
ווײַזט דײַן האנט
און באפעלט,
און דײַן שטים
איבער ערד
איז דערהערט!

## 22 יאַנוואַר 1924

אין דעם הויז פון די פאַרייניגטע
איז דײַן אָרון דאַן געשטאַנען.
אַלטע, יונגע, קינדער קליינע —
אַלע האָבן מיר פאַרשטאַנען,

אַז אוועק פון אונדז איז לעניך
מיט זײַן גרויסער, שטרענגער ליבע.
נאָר מיר קאָנען אים נאָך קענען,
ווײַל זײַן לערע איז געבליבן.

כ׳וועל געדענקען אַלע יאָרן
אין געפילן, אין געדאַנקען,
אַז איך בין פאַרבײַ זײַן אָרון
מיט די מענגען דורכגעגאַנגען.

ווערא אינבער

# אפ לענינס קיווער

1

אינ מאָסקווע — דער הויפּטשטאָט, אפ פּלאַצ, אפּנ רויטנ
דאָרט שטייט ער, דער טײַערער קיווער, דאָרט שטייט ער.

אונ רייענ נאָכ רייענ זיכ ציִענ אונ שלעפּנ —
גייענ מיר, קינדער, אונ בייגנ די קעפּ אָנ.

מיר זעגנענ זיכ, לענינ, מיט דיר,
דו האָסט אונדז צו וועלטנ צו נײַע געפירט!

מיט האנט אופגעהויבענער האָסטו באַוויזנ,
ווי פרײַהײַט באַקומענ דורכ שווערדנ אונ שפּיזנ!

דו האָסט אונדז געלערנט, אונדז, קינדער באַפרײַטע,
ווי פינצטערנ קעלער אפ פּאַלאַצ פאַרבײַטנ.

2

זײַנענ אונדזערע טאַטעס געגאַנגענ, געגאַנגענ
מיט ביקס אינ דער האנט אונ מיט שטאָלצע געזאַנגענ.

קעמפנ געגאַנגענ פאַר ליכטיקע טעג,
אונ דו, ווי א שטערנ, באַשײַנט האָסט דעמ וועג.

היי, אַרבעטער, פּויער, פונ פעלד אונ זאַוואָד!
ראַטנמאַכט — דאָס איז מײַנ ערשטער געבאָט.

3

און איצט ביסטו טויט, גאַנצע וועלט איז אין שוואַרצן,
נאָר אין אונדזערע ברוסטן קלאַפּט שטענדיק דײַן האַרץ.

מיר, אַרבעטער־קינדער, מיר, פּיאָנערן,
דאָ, אויף דײַן קבֿר, מיר שווערן, מיר שווערן:

דײַנע געבאָטן זײַנען שטענדיק געטרײַ,
ווײַל דו, זיידע לענין, געמאַכט האָסט אונדז פֿרײַ!

ש. האלקינ

# פונ „ווי לעניב איז אונדז טײַער״

## דאָס ערשטע בילד

(קינדערהיים, דעם 21 יאנוואר. אָוונט.)

**דינקע** (שטייט אינמיטנ א לעבעדיקער קייט. זינגט.)

אפנ רויטנ פלאצ געוועננ איצט...
בא דעם נײַעמ מאוזאָליי
שטייט א לאנגע שווארצע ריי,
זעענ ליבנ אָנבליק לעניגס.

**כאָר**

שטייט א לאנגע, שווארצע ריי...
בא דעם נײַעמ מאוזאָליי
שטייט א לאנגע ריי א שווארצע —
לעניב לעבט בא אונדז אינ הארצנ.

**דינקע**

לעניב לעבט אינ אלע הערצער:
פונ דער טײַגע ביז אהערצו
אונ די גרענעצנ אריבער —
מע דערמאָנט אימ הײַנט מיט ליבע.

**כאָר**

שטייט א לאנגע שווארצע ריי
בא דעם נײַעמ מאוזאָליי...
פונ דער טײַגע ביז אהערצו —
לעניב לעבט אינ אלע הערצער.

ד י נ ק ע

יעדער אונדזער נײַער קאָרפּוס —
באַ דעם פּײַנט — אַ גרויער האָר־פּאַס,
און פון יעדן נײַעם ציגל —
ווערט דאָרט אָפּגעשוואַכט אַ פליגל.

כ אָ ר

יעדער אונדזער נײַער קאָרפּוס —
באַ דעם פּײַנט — אַ גראָער האָר־פּאַס,
און פון יעדן נײַעם לעמפּל —
ווערט דאָרט אײַנגעשרומפּט אַ פּעמפּיק.

ד י נ ק ע

אַף דעם ברייטן פּלאַץ דעם רויטן
באַ דעם נײַעם מאַוזאָליי
שטייט אַ לאַנגע שוואַרצע ריי,
זעען לעניִנען אַ טויטן.

כ אָ ר

שטייט אַ לאַנגע שוואַרצע ריי
באַ דעם נײַעם מאַוזאָליי.
פון ניו־יאָרק און ביז אַהערצו —
לעניִן לעבט אין אַלע הערצער...

## לעניִנ־טעג

אינ די לעניִנ־טעג —
ניט קײנ טרויער־ליד!
װײַל אלע טעג,
װאָס מײַנ יאָר פארמאָגט,
זײַנענ
לעניִנ־טעג,
װאָס אינ לעניִנ־װילנ—
װילנ פונ מיליאָנענ—
זײַנענ זײ
געפורעמט!

װײַל יעדער טאָג,
װאָס אפ אונדזער װעג,
איז א ליכטנדיקער טורעמ
אינ שלאכטנ
אונ אינ שטורעמ!

דרײַ הונדערט זעכציק
טורעמס,
אָט אזוינע,
שטעלט דער קלאס,
װאָס בויט,—
טעג, טעג, טעג,—
דורכויס.
קעגנ סוינע:
דורכרײַס!

ווײַל אַלע טעג,
וואָס מײַן יאָר פֿאַרמאָגט,
זײַנען
לעניִן־טעג,
וואָס אין לעניִן־שטורעם,
אין מיליאָנען־וויכער
זײַנען זיי
געפֿורעמט!
זײַנען זיי
געזיכערט!

מ. כאשטשעוואצקי

# אונטער לענינס פאָן

אין לעניניזשן יאָרצײַט
קיין טרויער־געוויין,
נאָר פעסטער, נאָר שטאָלצער,
נאָך האסטיקער גיין!

קינד פון זאוואָד,
פון קאָלווירטישער בייט,
פאר לענינס געבאָטן —
זײַ גרייט!

ס׳האָט וועלט זיך געמאטערט,
געבלוטיקט אין קראמפ,
האָט לענין די טאטעס
גערופן צום קאמף.

קינד פון זאוואָד א. אז. וו.

אין לאנגן, אין שווערן,
אנטשיידענעם קריג,
האָט לענין געלערנט
געווינען דעם זיג.

קינד פון זאוואָד א. אז. וו.

אין גראמע ווערקשטאטן
מאשינען אין שווינד:
עס שטייען דאָרט טאטעס
און ברידער אצינד.

קינד פון זאוואָד א. אז. וו.

אינ ליכטיקע שויבנ
א זוניקער פרי,
ס'וועט קיינער ניט רויבנ
בא קיינעמ די מי.

קינד פונ זאוואָד א. אז. וו.

אינ הימלשע בלויענ
א לויטערע־זונ הײַנט,
מיר לערנענ זיכ בויענ
די וועלטנ־קאָמונע.

קינד פונ זאוואָד א. אז. וו.

אינ לענינשנ יאָרצײַט
קיינ טרויער־געוויינ,
נאָר פעסטער, נאָר שטאָלצער,
נאָכ האסטיקער גיינ!

קינד פונ זאוואָד,
פונ קאָלווירטישנ בייט,
פאר לענינס געבאָטנ —
זײַ גרייט!...

ש. ראָסינ

## צו לעני̇נס געבורט-טאָג

דײַנ ארבעט דויערט, דײַנ לעבנ בויערט
אינ יעדנ ארבעטער, אינ יעדנ בויער.
וואקסנ שטעט, אונ ס׳הייבנ זיכ פאבריקנ,
אונ ס׳ציִענ זיכ אינ אייביקײַט צו בריקנ,
וואָס דו פארצויגנ האָסט מיט האנט געוואגטער...
אפ ברייטנ עסעסערישע, אפ ווײַטע טראקטנ
ווענ אופגייִנ ווייצ, ווען וואקסנ קאָרנ —
ס׳איז די ערד שוינ אלעמענס געוואָרנ..
אפ ברייטנ עסעסערישע, אפ ווײַטע שליאכנ
היטער דײַנע דרעמלענ ניט, היטער וואכנ.
ס׳טראָגט פונ טיפנ זיכ דײַנ קאָל, דײַנ הייסער,
אונ ליב איז אונדז דער שווערער אָל,
וואָס איז ארופגעלייגט אפ אונדזער פלייצע.

ב. בּרעגמאַן

און ה. עלטערמאַן

*

פאַרנאַכט.
און לאַנד איז פאַרקוטעט
אין פוטער
פון שנייִיקן פּײַ...
און ס׳קלײַבן זיך זייגערס
צו שלאָגן מינוטן,
און ס׳הודען פאַבריקן
מיט צאַרטקײַט און וויי.
פאַרנאַכט,
אַף יעדן הויז, אַף יעדן טויער,
אין טרויער
און אין צאַר
זײַנען אָנגעטאָן די פאָנען,
און ס׳ווייעט ווינטערדיק יאַנוואַר,
און ס׳קומט דער ווינט און טראָגט
און וויל דעם גאַנצן לאַנד דערמאָנען,
אַז אַלע יאָרן,
אין זעלבן טאָג,
דאָס האַרץ פון וועלט
דערפילט אַ קלעמען,
וואָס טויט איז פירער,
וואָס טויט איז לענין.

אַף רעשטאָוואַניעס הויכע
אומעט שוואַרצער מאַטערט.
ווי אַ שוואַרצער רויכל
אַף רויטער פאָן, וואָס פלאַטערט.

אף אײַלנדע טראַמװײַען,
אף יעדן קלענסטן מױער —
טױזנט מײַלער שרײַען:
— בױען דארף מען, בױען!

און פון די באַלקאָנען
לעניִן שטרעקט די האַנט,
רעדט ער צו מיליאָנען
פון דעם גרױסן לאַנד.
— — — — — — — —

פאַרנאַכט, אין צימער שטיל,
און ברײט צעעפנט ברעמען,
קוקט איציק אפן בילד,
אפֿ שמײכלענדיקן לעניִן.

— װײסטו, טאַטע, װײסט? —
ברײטערן זיך ברעמען,
— װײסטו, טאַטע, װײסט?
בױונג — דאָס איז לעניִן...

נ. טיכאָנאָוו

(יידיש—ל. רעזניק)

# סאמי

1

א גוטער סאהיב[1]) בא סאמין, א קלוגער,
נאָר מיט זײַן סטעק פלעגט די ביינער אים ברעכן.
א גוטער סאהיב בא סאמין, א קלוגער,
נאָר האָט סאמין פאר קיין מענטש ניט גערעכנט.
מיט איין אויג קוקט אָפּ אים אלע מאָל נאָר,
קיין דאנק פון אים קיינמאָל ער האָט ניט.
סאמי ווארעמט זײַן טעצל צום גאָלן,
זײַן פערד אָפּ צו רײַטן ער זאָטלט.
אָפּ א האָר נאָר, ווען סאמי פארזינדיקט—
אלץ ווייסט סאהיב, צו ווישנו[2]) געגליכן.
זײַנע פּיאטעס מיט ריטלעך מע שינדט אים,
זייער שמערציק און זייער הילכיק.
נאָר סאמיס טאטע ז'געוועז אין בעדזשאפור[3])
ניט אומזיסט אלע יאָרן א לויפער.
מ'קאָן דאָס ייִנגל אָפּ מארקן ניט כאפּן,
וואָס א יאָר—זײַנע פיס גיכער לויפן.

2

אָפּ א יאָר ניט קיין גוטן דערוואַרט זיך—
גרויען רײַטפערד א שלאנג האָט צעביסן,

[1]) סאהיב—א האר, א באלעבאָס.

[2]) ווישנו—איינער פון די גרעסטע אינדישע געטער.

[3]) בעדזשאפור—א פּראָווינץ אין אינגאסטאן.

א גיפטיקע קאָברע [1] א שאוורצע.
א ניט־גוטער האָט אינ טעלעפאָנ זיכ געריסנ.
איינמאָל סאהיב — פונ בעט ניט ארויס נאָכ —
געוואָלט לייענענ די נייַס פונעמ טאָג האָט,
צעפויקט גאָנג [2] וועגנ דעמ מיט א גרויסקייַט.
איז סאמי מיט דער צייַטונג ניטאָ גאָר.
דערווארעמענ צומ גאָלנ דאָס טעצל
געמוזט האָט א צווייטנ באפוילנ איצט,
אונ ס'האָט נאָכ קיינמאָל אזוינס ניט געהערט זיכ :
ניט־געהאָדעוועט ארויס איז דער מויל־אייזל.

3

נאָכ א וואָכ האָט זיכ אומגעקערט סאמי,
ווי פונ טשערעדע אנ אָפּגעשטאנענ ביקל,
מיט צעדראפעטע פיס אונ צעדאמטע,
אָפּגעריסנ, דאר, ווי א שטעקל.
א בייַל־בלויער אופלויפ אפנ שטערנ
האָט געשייַנט, ווי א פראָבע אפ גילדנס.
פלעג זענ סאהיבס נאָר אינ אויג, ניט מערער,
איצט דערזענ האָט ער ביידע אונ ווילדע.
— ווו געווענ ביסטו, מאלפע אָנ ווידל ?
אינ זייַנ הויז־שטול זיצט סאהיב אונ פרעגט אים.
סאמי ענטפערט פראָסט אונ באשיידנ :
— כ'האָב מוירע געהאט פאר דייַנ שטעקנ,
כ'האָב געוואָלט צו דעמ הערשער אוועקגייג,
וואָס איז גרעסער פונ ראדזשיס [3] אונ בראמינענ [4].

---

1) קאָברע — א שרעקלעכ גיפטיקע שלאנג.

2) גאָנג — א מעטאלנ פייַקל.

3) ראדזשי — א קייסער, א גרויסער האר.

4) בראמינ—דער, וואָס געהער צו דער בראמינישער קאסטע. די אינדוסנ ווערנ צעטיילט אפ 4 אָפּגעזונדערטע שטאנדנ אָדער קאסטעס. די העכסטע קאסטע איז די בראמינישע—די קאסטע פונ קויהאנים, גייַסטלעכע.

האָב פאַרלאָרן אין טאָלן די וועגן
אין פאַרבלאָנדזשעט, ווי א קעצל א בלינדינקס.
— ביסט געכוירן צו פאָלגן און הערן,
וואַרעמע וואסער גאנצפרי מיר פאַרגרייטן,
ברענגען בריוו און די שטאלן פאַוקערן —
כ'בין דיַין הערשער, דו מאַלפּע אָן ווייַדל.

4

איבער שנייען, וואָס פירן צום הימל,
ווי טרעפּ ארוף, דאָרטן לעבט יענער
אין שטאָט מיט גרויסשטאָטישן טומל.
און בא מענטשן, זיַין נאָמען איז לעבין —
אלע הונגעריקע נאָך ברויט צו אים קומען.
ער קאָן מענטש אין א כיַיע דערוועקן —
א גרויסער סאהיב איז ער אונטערן הימל,
און ער שלאָגט זיך ניט גאָר מיט קיין שטעקן.
סאמי שטאמט פון מאגראדזשער [1]) מישפּאָכע,
צוליב אים וועט ער יִכעס פאַרבייגן —
צום גאָלן וועט וואסער אים קאָכן,
טראָגן בריוו, זיַין פערד עסן פאַרלייגן.
פאַר זיַינע דינען געטריַי וועט אים לעניב
אזויפיל אייצעס און רופּיעס [2]) באַווייליקן,
אז גאָרע וועלט האָט אזוינס ניט געזען גאָר —
אלע סאהיבן וועט סאמי פאַרטיליקן.

5

— פאַרפאלענער, ווּסטו דאָס געהערט אלץ?
און סאמי געשמייכלט האָט שעלמיש:
— דאָרט, וווּ זיַין איז פאַר וויַיסע געפּערלעך.

---

[1]) מאגראדזש—א קריגערישער שיוועט, האָט געשפּילט א גרויסע ראָליע אין דער געשיכטע פון אינדאָסטאן, האָט געוועלטיקט איבער א גרויסער מעלוכע.

[2]) רופּיע—אַן אינדישע מאטבייע—א קנאפּער רובל גאָלד.

איג ארמריטסער[1] בא די מארקישע שטעלנ.
ניטאָ קיינ פארבאָרגנס פאר סאָכרימ:
וואָס בא סודר[2] אפנ זיגעג זיי ווייסנ,
איג ראגיילקענד[3] פוג פערד די מעקאָכימ.
און דער לעניג ס׳ארא כאָכעמ א גרויסער.
— גיי אוועק!—האָט געזאָגט באלעבאָס אימ.
און אוועק מיט ניצאָכנ איז סאמי.
בא זיכ האָט זיכ סאהיב פארשלאָסנ,
אפילע עסנ ניט ארויס פוג זיינ קאמער.

6

און סאמי געקניט איג א זייט האָט,
א קליינינקער, שטילער און בלייכער,
און געדאוונט צו לעניג דעמ ווייטנ,
וואָס ווייט איז, ווי יאגי[4] פוג סייכל —
זאָל דערהערנ זיינע קליינע פארלאנגענ
איג זיינ שטאָט, וואָס צו איר וואָלט א פויגל,
וואָס פליט, אויכ ניט שטענדיק דערלאנגענ,
ווענ געשווינדער פוג בליצ וואָלט געפלויגנ,
וואָלטנ אויכ אימ צעווייקנ די רעגנס,
ס׳וואָלט א העלפאנט פוג לויפנ געפייגערט,
סאהיבס וואָגנ, אפ די אייזערנע וועגנ,
וואָלט פוג שטורעמס אפ שטיקלעכ צעפלויגנ.

7

און דער לעניג ׳געוועג אזוי ווייט איז,
און באלד דערהערט האָט ער סאמינ.

---

[1]) ארמריטסער—א נאָמענ פוג א שטאָט.

[2]) סודר—די קאסטע פוג באלמעלאָכעס: די נידעריקסטע פוג אלע פיר קאסטעס.

[3]) ראגילקענד—נאָמענ פוג שטאָט.

[4]) יאגי—לויט דעמ גלויבנ פוג די אינדוסנ—אזא דערהויבענער צושטאנד פוג דער נעשאָמע, ווענ די נעשאָמע באהעפט זיכ מיט גאָט.

מיט אויגנ גרויסע אונ פײַכטע
איז דאָס יינגל אפ די קני נאָכ געשטאַנענ.
שטייט ער אופ אזוי גרינג, ניט ווי טאָמער,
ווי מיט אייל מיוואָלט באשמירט זײַנע גלידער,
אונ אפ זײַנ טונקעלער שטאלט מיט בסאָמעס
האָט עמערווײַז אָוונט געגידערט.
אונ געווענ איז ער ווי נײַ־געבוירנ,
אונ איצט שוינ א מענטש, ניט קיינ קנעכט איז,
ער האָט שוינ פאר קיינעמ ניט מוירע,
מער ניט שלאָגנ וועט זיכ סאהיב דער שלעכטער.

אל. איסבאכ [1]

# די-טשאנ

(באלאדע)

אינ פּעקינ, דער הויפּט־שטאָט פונ כינע,
זײַנענ גאסנ מיט מענטשנ געפּאקט.
דאָרט האָט א קולי [2]—לי־טשאנ—זיכ געפונענ,
וואָס זיכ קלאָגנ האָט קײנמאָל געוואגט.

מיט שווייס האָט אפ פעלדער געארבעט לי־טשאנ
אונ באקימענ ניט אײנמאָל געשמיסנ.
דעמ רוקנ אינדרײַענ געבויגנ אינ שפּאנ,
בײַטש האָט לײַב זײַנס אפ שטיקער געריסנ.

איבער פעלדער פונ כינע מיט שמעקיקנ טיי
האָט א ווינטל א פרישער געבלאָזנ:
מ׳ווייסט ניט פונוואנענ, מ׳ווייסט ניט וויאזוי—
א בלעטל האָט עמעצ געלאָזנ.

פונ די ארבעטער אײנער מיט ציטעריקער האנט
לייענט—אונ קאָנ ניט באזינענ:
גאָר נאָענט פונדאנענ פאראנ אזא לאנד,
באלעבאָס איז דאָרט קולי, אונ ניט מאנדארינענ... [3]

---

[1]) די ליד איז געדרוקט אינ דער כרעסטאָמאטיע „צו לענינענ“ אָנ אנ אונטערשריפט פונעמ אווטער אונ איבערזעצער. די ליד געהערט דעמ כ׳ אל. איסבאכ, די איבערזעצונג—א פרײַע.

[2]) א באטראק.

[3]) כינעזישע פריצימ.

אפ בלעטל צעקנייטשטנ פאראנ איז א בילד—
דער עלטסטער פונ לאנד אָט פונ יענעמ.
ווונקענ אויגנ צו קוליס פונ בילד אזוי מילד...
אונ אונטנ זײַנ נאָמענ שטייט: לעני נ.

וועבנ זיכ מײַסעס. דערציילט מענ לעגענדעס,
אפ טויזקע פעלדער פונ כינע:
קוליס גיכ אלע באפרײַענ וועט לעני נ.
אונ שאפנ אפ גאָר וועלט א קולי־מעדינע.

באטאָג—אונטער בײַטש, באטאָג—אינ דער היצ.
באנאכט—וויִדער מײַסעס פונ לעני נ.
א קוק אפנ בילד—פארגעסנ די שמיצ,
—„קומענ אהינ מ׳זאָל קענענ?"...

—

אויסגעלאָזט ארבעט אינ פעלד פאר לי־טשאנענ,
ער ווייסט ניט, פארוואָס אונ פונ וועמענ —
אינ פעקינ אזוינע אסאכ זײַנ פאראנענ—
אונ הונגער פרעסט וויִדער לי־טשאנענ.

מיטאמאָל—הא? וואָס שרײַענ גאזעטנ?—
לי־טשאנ וויל ניט גלויבנ, אונ קאָנ ניט:
געשטאָרבנ דער עלטסטער אינ לאנד פונ סאָוועטנ —
„געשטאָרבנ אינ רוסלאנד איז לעני נ!"...

פינצטער ווערט שטארק אינ די אויגנ לי־טשאנענ.
דערפילט אלע ווייענ אינ לײַב אונ אינ ביינער:
— ביז ווענ וועלנ קוליס זיכ מוטשענ, ביזוואנענ,
אויב ער איז געשטאָרבנ — דער איינער?...

לענינ געשטאָרבנ. וועלנ קוליס פונ גליק שוינ ניט וויסנ?
קוליס וועלנ מאנדארינענ ניט ווערנ?...
לי־טשאנ פלעג ניט וויינענ, ווענ מ׳האָט אימ געשמיסנ,
נאָר איצט גיסנ זיכ זודיקע טרערנ...

ז. כאשטשעוואצקי

# לעֵנינ

(קאפּיטלען פונ א פּאָעמע)

לענינס אָנקומענ קיינ פּעטראָגראַד

ניט קיינ יאַמענ—
אָקעאַנענ,
ניט קיינ זונענ
זיכ צערונענ—
צו א פּעטראָגראַדער
באַנהויף
איז א שנעלצוג
צוגעקומענ.

אָפּגעשטעלט זיכ
עטוואָס וויַיטער,
ניט אָט דאָרטנ,
ניט ווו שטענדיק
(א פאַראָרדענונג באַציַיטנס—
עס זאָל עפּעס
ניט געשענ דאָרט).

ניט א ווינט לויפט
איבער סטעפּעס,
טרייסלט גראָזנ,
רייַסט די שטענגלעכ—
קעפּ אינ היטלענ,
קעפּ אינ קעפּקעס,
אינ מאַטראָסנ־היט
מיט סטענגעס.

ניט קיין קינדער־מײַסע
איז עס
וועגן ריזן
און גיגאנטן —
אין וואגאָן־טיר
זיך באוויזן
האָט א מענטש
אין ווינטער־מאנטל.

די טײַגא
האָט מענגעס ביימער,
אין דער טונדרע —
פלאסטן מאָכן.
פעטראָגראד
איז גרויס און שוימיק,
און דאָס לאנד
איז גרעסער נאָך מער.

צאפּלענדיקע
מיליאָנען
אין די שוצגראָבנס
געלעגן —
מענטשן־פרייד
און ברויז פון פאָנען
האָבן לענינען באגעגנט.

קיין הודאָק
האָט ניט גערופן,
ניט געשריען
קיין סירענע, —
הוט און היטלען
אינדערלופטן;

לעניִן,
לעניִן,
לעניִן,
לעניִן!

און דער רוף,
ער וואַקסט און שטאַרקט זיך,
ברענט אין האַרץ,
אין די געהירן,—
איבער שווימענדיקע
אַקסל
דורכגעשוווּמען
איז דער פירער.

וויגן קעפ זיך.
פיס זיך שאָקלען,
ווי באַרוישט
פון לײַכטער שיקורעס,—
שטייען
שטומענדיקע שטאָקן—
לעניִן
פונעם בראָנעוויק רעדט.

און אַ פעלדז
איז אומגעפאַלן
און אַ קראַך געטאָן
האָט פּלוצים:
לעבן זאָל די סאָציאַלע
רעוואָליוציע!..

קיין הודאָק
האָט ניט גערופן,
ניט געפײַפט
האָט קיין סירענע,—

שטורעם־רופן
אינדערלופטן:
לענין,
לענין,
לענין,
לענ־ן...

אלע מאָל
באַנײַס כ׳דערקען אים,
אלע מאָל
אַף נײַעם אויפן.
זע איך—ברענען
העל מארטענען,
זע איך—
הויך
זיך קנוילן רויכן.

זע איך—
ס׳וויגן זיך טראנסמיסיעס,
הער איך —
ס׳קאָכט די הייסע לאווע.
גלײַך דערקען איך
אַף געוויס עס,—
לענינס פײַער ברענט דאָ,
כאווער.

אַפן זומפן־ברעג
פון וואָלכאָוו,
בא זאגעסער
שטיין־געשטעלן,—
דאָרט
דערקענט זײַן מעכטיק קאָל כ׳האָב

אינעם ראשן
פון די וועלן.

אין געפּאַנצערטע טורבינען,
ווי געצוימטע
קרעפטן ווירבלען,
ביז דער טיף
פון הארץ און זינען
כ'האָב די מאכט זײַנע
דערפילט דאן.

און, אז כ'זע
אפ פעלד געראָטנס
שפּאַנען טראַקטערס
און קאָמבײַנען —
איך דערפיל
באַנײַס זײַן אָטעם,
קלאָרן בליק
און שמייכל זײַנעם.

ס'וועלן ווידער קראַכן וועלטן...
אין גערויש
פון אינדפינפלענער,
אין געוויטער
פון געוועטן,
אין די שלאַכטן
אומגעזעענע, —
איז אין אונדז
און מיט אונדז
אונדזער
לענין!

# אינהאלט

## IV. פּאָעזיע



